# אליעזר שטיינבארג

# משלים

האָלצשניטן

ארטור קאָלניק

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישראל

# דאָס רעטעניש און זײַן באַשייד

## א

ווער דאָס דיכטן וויל פאַרשטיין; מוז אין לאַנד פון דיכטונג גיין, ווער דעם דיכטער וויל פאַרשטיין, מוז אין לאַנד פון דיכטער גיין — איז כּידוע, אַ באַקאַנטער זאָג פון געטע, און כאָטש ער איז, פון צופיל ציטירט־ווערן, כּמעט באַנאַל, איז ער נאָך אַלץ דער בעסטער פּשט, אַפילו פאַר אַזאַ מדרש־פּליאה, ווי עס איז דאָס לעבן און שאַפן פון אליעזר שטיינבאַרג, און מיר ווען זיך, אין אונדזער איצטיקן פּרוּוו זיי בײדע, אי דאָס לעבן אי דאָס שאַפן, צו דערגיין און פאַרשטיין, טאַקע אַ לאָז טאָן אין די צוויי לענדער, מיט אַ פאַרקערטן סדר — אַמערשט אין לאַנד פונעם דיכטער, און דערנאָך אין לאַנד פון זײַן דיכטונג.

## ב

דאָס לעבן פון אליעזר שטיינבאַרג איז אַ מדרש־פּליאה — אַוודאי ווייסן מיר, אַז ער איז געבוירן [1880], זיך געכאַוועט און רוב ימיו געוווינט אין ליפּקאַן, און דאָס גופא איז שוין אַן אָנהאַלט, נאָכצוגיין זײַן ביאָגראַפיע. עס איז אַ מיטלערע שטאָט אין צפון בעסאַראַביע, אויפן ברעג פון טײַך פּרוט, נאָנט צו בוקאָווינע, האָט אין אירע גוטע צײַטן געהאַט אַ צוויי טויזנט יידישע משפחות, האָט פאַרמאָגט אַ חסידישן ייחוס — דאָ האָט זיך אַ צײַט אויפגעהאַלטן ר׳ מאיר פּרעמישלאַנער, פּונקט ווי זי האָט פאַרמאָגט אַ פאָלקלאָרישן ייחוס — אַ גוט אָפּגעהיטענע מסורה פון מצבה־קריצערס; זי האָט געהאַט אירע למדנים — מיט אַ דור צוריק ר׳ יאָסעלע דיין, אַ זון פון אַ בריטשאַנער שוסטער, וואָס האָט געקריגן סמיכה אין וואָלאָזשין, אָבער דאָס שטעטל זײַנס האָט זיך מיט אים געוואָרפן, און ליפּקאַן האָט געהאַט שכל אים אויפצונעמען און אַזוי אַרום געווונען אַ גדול בנגלה ונסתר און אַ מענטש אַ דימענט, אַ טיף־מאָראַלישע געשטאַלט; זי האָט געהאַט אירע משׂכּילים — מיט אַ דור צוריק ר׳ איציק שקאָלניק, אַ מלמד, וואָס האָט מאָדערניזירט דאָס חדר, ווו מען האָט געלערנט חומש מיט רש״י, גמרא און מדרש, לשון און דקדוק, און דאָס עברית בעברית, נײַע העברעיִשע ליטעראַטור, רוסיש און חשבון, און די גאַנצע שטעטלשע אינטעליגענציע האָט אים געהאַלטן פאַר איר אב ופטרון. אָבער אַ שם־דבר איז ליפּקאַן געוואָרן אין אונדזער מאָדערנער ליטעראַטור. זי האָט עס איר צוגעשטעלט אַ מנין באַקאַנטע, און צווישן זיי גאָר באַרימטע שרײַבערס — קודם כל

יהודה שטיינבערג, דער ממשל און דערציילער, וואָס זײַנע ווערק, סײַ די העב־רעיִשע, וואָס זענען צונויפגעקליבן געוואָרן און די וואָס זענען עד־היום צע־שפּרייט, סײַ די יידישע, וואָס זענען, צו אונדזער צער, כמעט נישט צונויפ־געקליבן געוואָרן, געהערן צו אונדזער מזרח־וואַנט; זײַן ברודערס זון אליעזר שטיינבאַרג, וואָס האָט פון אים נישט ווייניק געירשנט, בעיקר די ליבשאַפט צום משל, וואָס ער האָט טאַקע דערפירט צו קלאַסישער מייסטערשאַפט; אליעזר שטיינבאַרגס צוויי תּלמידים — משה אַלטמאַן, אַ פּראַקטיקער דערציילער, וואָס האָט פּאַראיידלט דעם יידישן פּראָזע־סטיל; יעקב שטערנבערג, אַ מושלם גמור אויף כּמה כּלים — ליריק, דראַמע, רעזשי, קריטיק. צו זיי קומט נאָך צו מיכאל קויפמאַן, אַ שטילער דערציילער, וואָס איז יונג געשטאָרבן, (זײַן פרוי, שלום־עליכמס טאָכטער, איז אויך געווען אַ יידישע דערציילערין, אָבער די טאָכטער זייערע איז שוין אַן ענגלישע שרײַבערין), און פון ייִנגערן רעגיסטער — אליעזר גרינבערג, אַ ליריקער און אַ קריטיקער. צו דעם האַלבן טוץ באַקאַנטע נעמען קומען נאָך צו ווייניקער באַקאַנטע — מרדכי מאיר בלאַנק, וואָס האָט געשריבן לידער, און וואָס די שטוב זײַנע איז געווען אַ מין ליטעראַרישער צענטער, וואָס דאָס שײַנדל זײַנס איז געווען טאַקע אליעזר שטיינבאַרג — דאָ האָט ער געלייענט זײַנע משלים, דאָ זענען אָנגעגאַנגען וויכּוחים און פּלוגתּות מכּוח ליטעראַטור און קולטור, און ווידער אַמאָל איז געווען דאָס שײַנדל אליעזר שטיינבאַרג — דאָ האָט זיך אַנטפּלעקט זײַן כּוח־שבעל־פּה, וואָס איז געווען אַ מעין המתגבר, אָבער זײַנע צוהערערס האָבן נישט פאַרשטאַנען רעכטצײַטיק צו פאַרשרײַבן, אַזוי, אַז אַ גרויס עשירות איז געגאַנגען כּלה. דער רייסטער פון ליפּקאַנער קינדער, וואָס האָבן זיך קונה שם געווען האָט זיך מיט די דערמאָנטע נישט אויסגעשעפּט — פאַראַן צווישן זיי אויך באַקאַנטע חזנים ווי יאָסל שטערנבערג (יעקל שטערנבערגס אַ קרוב), און בעיקר משה אוישער (אַ תּלמיד פון איציק שקאָלניק, וואָס איז אויך געווען אַ געשמאַקער בעל־תּפילה און אָרגאַניזירט אַ גוטן כאָר, און פון אליעזר שטיינבאַרג, וואָס האָט אים, נאָך אַ קינד, געלאָזט זינגען אין זײַנע קינדער־פּיעסן), און עס לאָזט זיך פאַרענדיקן מיט די, וואָס האָבן זיך, פריִער אָדער שפּעטער, באַזעצט דאָ, אין ארץ־ישראל און דערהאַלטן וואָך און לעבעדיק די פּיעטעט און דעם זכּרון פון אליעזר שטיינבאַרג און דעם אינטערעס פאַר זײַן ווערק — קודם כּל די אלמנה זײַנע, מרת רבקה שטיינבאַרג, דערנאָך משה זילבערמאַן, וואָס האָט רעדאַקטירט דעם ספר הזכּרון פון ליפּקאַן, — אַ געזעמל פון אַרבעטן, וואָס זענען לעבן אהרן שוסטערס בוך „ליפּקאַן פון אַמאָל”, דער בעסטער מקור זיך נענטער צו באַקענען מיט דער דאָזיקער שטאָט און איר כאַראַקטער, און אין ביידע ביכער איז אליעזר שטיינבאַרג אַ צענטראַלע פיגור, און אַפילו די צענטראַלע פיגור. ביידע, סיי מרת שטיינבאַרג סײַ משה זילבערמאַן, האָבן נאָך דערלעבט צו זען ווי די איצטיקע אַרויסגאַב פון שטיינבאַרגס משלים, איז אַרײַן אין דרוק, און זענען ביידע איבער די גבורות

אַוועק פון דער וועלט, און מיטגענומען דעם ליכטיקן זכּרון פון דעם גרויסן ממשל.

כּדי משלים צו זײַן דעם רײַסטער, לאָזן זיך דערמאָנען מנחם לערנער — איצט נאור, דער באַקאַנטער חוקר פון תּנ״ך, און פון גאָר יונגן קאַליבער — דער עניוותדיקער דיכטער אריה פיכמאַן, און דער אין זשינקיוו געבוירענער אָבער אין ליפקאַן דערצויגענער, סורעאַליסטישער דערציילער, יצחק אורפּז, אָבער מעגלעך, אַז זיי זענען צו יונג, אַז עס זאָל זיי האָבן דערגרייכט מער ווי אַ שימער פון דער ליפקאַנער שטיינבאַרג־אַטמאָספער.

פון דעם אויסגערעכנטן רײַסטער אינטערעסירן אונדז קודם כּל די שרײַבערס, שוין בלויז צוליבן ביאָגראַפישן צד השונה — כּמעט אַלע זענען אַוועק פון ליפקאַן, חוץ פון אונדזער שטיינבאַרגן, וואָס האָט, דאָ און דאָרט, געמאַכט אַ נסיעה, לרוב נישט איבריק ווײַט — האָט ווי אַ לערער אַרומגעוואַנדערט אין בעסאַראַבישע און וואָלינער שטעטלעך — אַמאָל אַרײַנגעפּאָרן קיין אָדעס, זיך צו זען מיט די פּני פון דער ליטעראַטור, בעיקר מיט ביאַליקן — אָבער אויב אַראָפּרעכענען איין נסיעה קיין בראַזיל (1928), אויך איצט לויט דער איניציאַטיוו פון ליפקאַנער לאַנדסלײַט, פון וואַנעט ער איז, נאָך אַ יאָר מיט עפּעס, נישט צוריקגעפאָרן נאָר צוריק אַנטלאָפן, און די יאָרן, וואָס ער האָט, פאַר יענער אומגעראָטענער נסיעה און נאָך איר פאַרבראַכט אין טשערנאָוויץ (פון 1919 ביז 1932), און אַפילו אַראָפּרעכענעדיק וויזיטן אין שטעטלעך, און שטעט — און בוקאַרעשט בתוכם — ווו ער האָט פּרעלעגירט און רעציטירט, האָט ער כּמעט פערציק יאָר, פון זײַנע בסך־הכּל צוויי און פופציק יאָר לעבן, פאַרבראַכט אין זײַן געבוירנשטאָט, ליפקאַן; און די קשיא איז, צי דאָס איז געווען פאַר אים אַ סטימול, אָדער אַ שטער, פשוטער געזאָגט: אַ מעלה אָדער אַ חסרון.

ג

דאָס שאַפן פון אליעזר שטיינבאַרג איז אַ מדרש־פּליאה. זלמן רייזען, וואָס האָט דעם ערך שטיינבאַרג פאַרעפנטלעכט נאָך בײַ זײַן לעבן (לעקסיקאָן, 1929) און האָט מסתּמא די עיקר־אינפאָרמאַציע געהאַט פון אים גופא, שרײַבט, אַז שטיינבאַרג האָט אָנגעהויבן צו שרײַבן לידער און משלים נאָך אין אָנהייב פון יאָרהונדערט (1902), און דאָס וואָרט: נאָך לאָזט זיך גאָר לײַכט פאַרבײַטן אויפן וואָרט: ערשט — סוף־סוף איז ער דעמאָלט שוין געווען אַ צוויי־און־צוואַנציק־יעריקער יונגערמאַן; אָבער וואָס איז נאָך חשובער, אַז ער האָט שוין פון אָנהייב געשריבן לידער און משלים, דאָס הייסט, ער האָט שוין, בעצם, געוווּסט, וווהין ער גייט, וווהין ער וועט גיין, וווהין ער דאַרף גיין, און פון דעסטוועגן געפינען מיר דעם ערשטן משל זײַנעם („צוויי רויזן״) ברשות הרבים (איך אברהם רייזענס „אייראָפּעיִשע ליטעראַטור״) ווען ער איז שוין אַלט געווען גאַנצע דרײַסיק יאָר. מיר וואָלטן אפשר די עובדה נישט אַזוי אונטערגעשטראָכן, ווען

זי וואָלט כאַראַקטעריסטיש געווען בלויז פאַרן ערשטן פעריאָד זײַנעם. עס איז נישט די איינציקע דוגמה פאַר אַ לאַנגן קווענקלען זיך פון אַ מחבר אַרײַנצו־שפּאַנען אין רשות־הרבים אַרײַן. אָבער געוויינטלעך זעען מיר נאָך דעם דאָזיקן שריט אַ גאַנג אין אַ פאַרגיכערטן טעמפּאָ. אָבער דאָ, פונקט ווי דער מחבר האָט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף זײַן ערשטן משל, האָט ער לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זײַן ערשט ביכל. אמת, ער דרוקט אָמערשט אין דער אָדעסער פּרעסע, וואָס האָט געקענט האָבן אַ גרעסערן אָפּקלאַנג, שוין מחמת דעם, וואָס זי האָט קורסירט אין רוסלאַנד, אָבער שפּעטער, ווען בעסאַראַביע איז צוגעפאַלן צו רומעניע, האָט ער זײַנע זאַכן געלאָזט גיין אין דער דאָרטיקער פּרעסע, וואָס האָט געמוזט פאַרקלענערן זייער רעזאָנאַנס, שוין מחמת דעם, וואָס נישט בלויז די דאָזיקע פּרעסע, נאָר דער עצם קיום פון אַ וואָגיקן יידישן ליטעראַטור־צענטער אין רומעניע איז געווען אַ מין אומבאַקאַנטע יבשה, וועלכע מען האָט ערשט באַדאַרפט צו אַנטדעקן, און מען האָט זי טאַקע, אַ קאָפּ שפּעטלעך, אַנטדעקט. אַזוי האָבן שטיינבאַרגס ערשטע צוויי ביכלעך, דער יידישער „אלף־בית” און דער העברעיִשער „אלפון” (1921) נישט זוכה געווען צו אַן אינטערעס אין ברייטערן תּחום פון דער אַלגעמיינער יידישער וועלט. דאָס זענען געווען פײַנע צומאָל פּישופדיקע געשאַנקען פאַר תּינוקות־דבית־רבן, אָבער פאַרט בלויז לערנ־ביכלעך, ווו דער גערַאנגל צווישן פּאָעטישן און דידאַקטישן וויל אַפילו קיינעם פון זיי נישט לאָזן גובר זײַן, אָבער בשעת די שאַפערישע פאַנטאַזיע צילט צו אַ ריינעם סינטעז, טרײַבט די פּעדאַגאָגישע נויטווענדיקייט צו אַ קנייטש פון פּשרה.

וואָס שייך דעם שניט, איז גענוג צו ברענגען די דוגמה, וואָס עס דערמאַנט זי בתיה אַלטמאַן, ווי אַ פראַגמענטל פון אַ געגראַמטן שיעור צו לערנען העב־רעיִש: שחור — שוואַרץ, לבן — ווייס / גליטשן קעץ זיך אויפן אײַז / הויך — גבוה, עמוק — טיף / זיצט אַ הון און שרײַבט אַ בריוו. די ערשטע און דריטע שורה —בילדונג, די צווייטע און פערטע שורה — בילדלעכקייט, און ווען נישט די גראַמען, וואָס פאַרבינדן די דידאַקטישע שורה מיט דער פּלאַסטישער שורה, וואָלט דאָס געווען בחינת לא קרב זה אל זה, און עס איז קיין חידוש נישט, אַז די רוטינירטע לערערס האָבן זיך נישט געלאָזט גיין אויף אַזאַ דיאַלעקטישן דרך, און צו דרײַסטערע, אַוואַנטוריסטישע לערערס זענען די חידושים נישט דערגאַנגען, און דער מחבר איז שוין דעמאָלט לאַנג געווען נישט קיין יונגער־מאַן — ער האָלט בײַם אַרויסגעבן פון די צוויי קליינע ספרימלעך, בײַם פער־ציקסטן לעבנס־יאָר.

יאָ, „אלף בית” האָט געהאַט דרײַ חשובע שותּפים — די דרײַ אילוסטראַ־טאָרס: רובין זעליקאָוויטש (דאָס איז דער באַקאַנטער מאָלער ראובן, וואָס האָט אויך געשריבן יידישע לידער), סאָלאָמאָן לערנער (שלמה נאור, שפּעטער אין ארץ־ישראל, ווו ער איז נפטר געוואָרן), ואחרון אחרון אַרטור קאָלניק, וואָס

איז שפּעטער געוואָרן דער אילוסטראַטאָר בה״א הידיעה פֿון שטיינבאַרגס משלים. אָבער אויף די משלים אַליין האָט מען געמוזט ווידער לאַנג וואַרטן. אמת, נישט ווייניק פֿון זיי זענען געווען מפֿורסם, איידער זיי זענען אַריין אין טאָוולען פֿון אַ בוך, אָבער מען האָט זיי געקאָנט נאָר בעל־פּה, בעסער געזאָגט: מפּה לאוזן, פֿון מויל צו אויער — דער מחבר אַליין, זײַנע חסידים און תּלמידים, פֿירלייענערס־מומחים און פֿירזאָרגערס־ליבהאָבערס, האָבן זיי געלייענט אין כּלערליי קהילות־רומעניע, און מיט דער צײַט איז דאָרט כּמעט נישט געמאָלט געווען אַ ליטעראַרישער אָוונט אָן אַ שטיינבאַרגישן משל, וואָס איז געוואָרן דאָס היימישסטע קוויקעניש פֿונעם עולם.

און וואָס שייך חוץ לרומעניע, איז עס דער באַוווּסטער קינסטלער הערץ גראָסבאַרד געוואָרן זייער געראָטענער פּראָפּאַגאַטאָר. ער איז געקומען קיין רומעניע און, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור אירער, זענען אים אויפֿגעגאַנגען צוויי גרויסע ליכט, שטיינבאַרגס משל און מאַנגערס באַלאַדע, און זײַן רײַכע און ניואַנסירטע אינטערפּרעטאַציע האָט זיי מפֿרסם געווען מחוץ לרומעניע, און דער בעל־פּה האָט זיך צעטראָגן אויף דער וועלט, איידער דעמס משלים און יענעמס באַלאַדעס האָבן זוכה געווען צו זײַן אַ דבר־שבכתב, בעסער געזאָגט: אַ דבר שבספֿר. וואָס שייך די משלים, איז אַ טייל פֿון זיי אַפֿילו אַרויס ווי אַן אתרוג אַ הדר, אויפֿן דינסטן פּאַפּיר און מיטן פֿײַנסטן דרוק, אַ מין לוקסוס, וואָס אַ יידיש בוך האָט עס פֿריִער נישט דערלעבט צו זען, — אַרטור קאָלניק האָט עס באַצירט מיט זײַנע וווּנדער־לעכע האָלצשניטן און יוסף שוואַרצמאַן האָט עס טעכניש אַרויסגעבראַכט ווי אַ צאַצקע. אָבער דער דאָזיקער אָפּקלייב „דורך די ברילן״ (1928) האָט בײַ זײַנע גרויסע קוואַליטאַטיווע מעלות געהאַט נישט מינדערע חסרונות. ערשטנס, איז עס געווען גוט, פּרימאַ, אָבער ווייניק, קוים אַ טוץ משלים, אַ גאָרשטש, וואָס זעטיקט נישט דעם לייב. צווייטנס זענען בסך הכּל אַרויס הונדערט צוואַנציק שטיק; דריטנס, איז דער פּרייז פֿון אַ שטיק געווען צוואַנציק דאָלאַר; אַזוי אַז דער פֿאַרשפּרייט איז לכתחילה באַגרענעצט געוואָרן, און מסתמא זענען כּמעט אַלע עקזעמפּלאַרן פֿאַרשלונגען געוואָרן אין רומעניע גופֿא, אַזוי אַז דער יידישער עולם אויף דער וועלט האָט געקענט עפּעס הערן דאַריבער, אָבער נישט געקענט זען, לא כּל שכּן לייענען.

דער מחבר אַליין, וואָס האָט שוין איצט געהאַלטן צוויי יאָר פֿאַר זײַן יובל, היא שנת החמישים, האָט מסתמא געהאַט אַ האַנט דערבײַ. אַ ראיה ברורה האָבן מיר מיט אַ דרײַ יאָר שפּעטער, ווען זײַנע נאָנטסטע האָבן געפּועלט בײַ אים צוצוגרייטן אַ גרעסערן באַנד משלים און אַ באַנד מעשהלעך און דער קאָמיטעט (מרת רבֿקה שטיינבאַרג, יעקבֿ שטערנבערג, שלמה ביקל, חיים גינינגער, דער פֿירזיצער גבֿריאל ראָזענרויך און אַנדערע) האָבן זיך ענערגיש גענומען דערצו, און דאָס בוך משלים איז שוין געווען סמוך לדרוק, האָט נאָך אַלץ

שטיינבאַרג טענדירט צו פאַרקלענערן די צאָל קאַפּיטעס, און מיר לייענען אין זײַנע בריוו צו שלמה ביקל: „ביַים הײַנטיקן גרויסן קריזיס מוז אַ בוך זײַן גוט און שיין און ביליק, ער זאָל קענען פאַרקויפט ווערן כאָטש אין צוויי טויזנט עקז.‟, און מיט אַ יאָר שפּעטער: „מיר זײַנען אײַנגעגאַנגען דערויף „אַז מען זאָל זיך שטרעקן נאָך די עקן‟, דרוקן נאָר טויזנט עקזעמפּ.‟, און מיט אַ חודש שפּעטער: „דרוקן וועלן מיר טויזנט עקזעמפּ. ווי מיינט איר פאַר אַ פאָלק פון אַ זעכצן מיליאָן (כּן ירבו! אויף צופּיקעניש!) איז דאָס ניט צופיל? הייסט דאָס ניט, חלילה, איבערגעצויגן דעם בויגן? אפשר וואָלט געווען גענוג הונדערט. די והותר!‟, און מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער ווידער אַ מאָל: „ווי מיינט איר, אַ מאה וועט זײַן גענוג פאַר די „רבבות אלפי ישראל‟? צו פיל אָדער ניט: די מאה וועט זיך זיכער צעפליִען ווי אַ רויך אין שטורמווינט! — ווי זאָגט אָבער דאָס כמאַרעלע צום רויך ערגעץ אין אַ משל? „איך צו מענטשן מוז מיך קערן, ווײַל איך האָב אַ האַרץ מיט טרערן‟, און סתם מענטשן מיינט מען דאָך די ברייטע שיכטן, די מאַסן, וואָס זענען נאָך ניט געוואָרן „אויס מענטש‟ פון איבערעסן זיך און זיי פעלט אויס אַ בוך „ווי עסיק צו די ציין און רויך צו די אויגן‟. וועל איך טאַקע אַרויסלאָזן פון זייערט ועגן גאַנצע ת״ק [= פינפהונ־דערט] מיטן קנאַק!‟ און ער גיט צו אין פּאָסט־סקריפּטום: „קלאָר גערעדט: איך מיין צו דרוקן ניט מער ווי 500 עקז. הונדערט פאַר „יחידי סגולה‟ און פיר הונדערט (אויך שיין געבונדן — פרײַז צוויי הונדערט לעי) — פאַרן ביכער־מאַרק‟.

אַוודאי דאַרף מען זיך נישט לאָזן אָפּנאַרן פון דער הומאָריסטישער און סאַטירישער נאָטע, עס איז אָבער אַ ספק, אויב מען מעג זיך באַנוגענען מיט שלמה ביקלס דערקלערונג, אַז מיר האָבן פאַר זיך דאָ אַ געראַנגל צווישן דעם דיכטער, וואָס וויל אַז זײַנע משלים זאָלן ווערן אַ קנין פון עמך ישראל, און צווישן דעם ביבליאָפיל, וואָס קען פועלן בײַ זיך דעם פאַרשפּרייט צו באַגרענעצן אויף בלויז הונדערט קאָפּיעס, אָבער עס זאָל זײַן בתכלית היופי. דען די קשיא איז, אויב די ביבליאָפיליע, וואָס האָט אין אים געשטעקט, איז דער טעם צו אַזאַ אײַנשטעל, אָדער עס איז בלויז אַ באַהעלף, און אַפילו אַן אויסרייד, פאַר אַ פיל טיפערער סיבה. עס דוכט זיך, אַז דער ענין פּאַסט זיך צו פיל אַרײַן אין זײַן ביאָגראַפישן גאַנג, וואָס האָט זיך רוב־ימיו באַנוגנט מיטן תחום פון זײַן געבוירנשטאָט, פונקט ווי ער פּאַסט זיך צופיל אַרײַן אין זײַן שאַפערישן גאַנג, וואָס האָט זיך כמעט כּל ימיו באַנוגנט מיט אַ קליינעם רעזאָנאַנס, אַז מיר זאָלן אין דער ביבליאָפיליע זען אַ טעם כּעיקר.

דער בולטער שטראָך פון הסתפקות, כּמעט ביז אויטאַרקישקייט, אין זײַן לעבן, און דער בולטער שטראָך פון באַזאַכטקייט, כּמעט ביז קונקטאַטאָרישקייט, אין זײַן שאַפן, הייסן זוכן טיפערע טעמים, און עס פרעגט זיך ווידער אַ מאָל, צי זענען די צוויי שטרעך געווען פאַר אים אַ סטימול אָדער אַ שטער, פּשוטער געזאָגט: אַ מעלה אָדער אַ חסרון.

## ד

ווי ווײַט עס איז אַ האַרבע קשיא, וועט אונדז אפשר מער קלאָר ווערן ווען מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט אַ פּאָר דאַטעס — שטיינבאַרגס ערשט בוך ממש, די משלים זײַנע, זענען אַרויס אין יאָר פון זײַן פּטירה (1932) און ער גופא האָט געזען בלויז דעם ערשטן דרוק־בויגן, אָבער מיר ווייסן פון זײַנע תלמידים, שטערנבערג און אַלטמאַן, אַז וועגן אַן אַרויסגאָב פון משלים האָט מען נאָך געשמועסט אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער מלחמה. שטערנבערג דערציילט — אין אַ בריוו צו אליעזר פרענקל — אַז ער האָט דאָס צומערשטן פירגעלייענט פאַר ביאַליקן און ראַווניצקין אין אָדעס (1911) שטיינבאַרגס משלים, און זיי ביידע זענען אַזוי נתפּעל געוואָרן, אַז זיי זענען געווען גרייט זיי אַרויסצוגעבן. הייסט עס, אַז דאָס בוך משלים האָט געקענט האָבן זײַן אייגענעם פּירגייער מיט איבער צוואָנציק יאָר פריִער. אַז דאָס וואָלט אויך נישט געהייסן צו פרי, ווערט אונדז אפשר קלאָר ווען מיר נעמען אין באַטראַכט אַ פּאָר אַנדערע דאַטעס. אליעזר שטיינבאַרג איז געווען מיט אַכט יאָר ייִנגער פון ליעסינען און פּינסקין און מיט זיבן יאָר ייִנגער פון ביאַליקן, מיט פינף יאָר ייִנגער פון אברהם רייזען און טשערניכאָווסקין, אָבער אַ יאָר עלטער פון שלום אַשן און פּיכמאַנען, צוויי יאָר עלטער פון מאַני לייבן, פינף יאָר עלטער פון משה נאַדירן און י. י. שוואַרצן, אַכט יאָר עלטער פון לייוויקן און באָרעישאַן, נײַן יאָר עלטער פון יעקב שמואל אימבערן, זישע לאַנדוין, לעיעלעסן און האָפּשטיינען, צען יאָר עלטער פון בראָדערזאָנען און צוועלף יאָר עלטער פון אפרים אויערבאַכן, פופצן יאָר עלטער פון מאַרקישן, זעכצן יאָר עלטער פון קולבאַקן און י. י. סיגאַלן. אַלע זענען אין יאָר פונעם דערשײַנען פון זײַן ערשטן בוך שוין לאַנג געווען באַקאַנטע פּירמעס. נאָך מער — דער פון אים זעקס יאָר ייִנגערער משה לייב האַלפּערן און פון אים צען יאָר ייִנגערע לייב נײַדוס און אשר שוואַרצמאַן זענען שוין, מחמת זייער טויט, געווען פאַרענדיקטע פּירמעס, בשעת דער רוב פון זײַנע ווערק זענען נאָך געווען אין כּתב־יד. אויך זיינע צוויי אייגענע תלמידים, אַלטמאַן און שטערנבערג, האָבן שוין געהאַט אַ היפּשע פּובליסיטי, און דער פון שטיינבאַרגן אײנאונצוואַנציק יאָר ייִנגערער איציק מאַנגער, האָט שוין מיט פיר יאָר פריִער, מיט דער אַנטדעקונג פון ייִדיש־רומעניע, געמאַכט זײַן ערשטן טריִומפאַלן שפּרײַז איבער פּוילן.

וואָס שייך דער דאָזיקער אַנטדעקונג, האָט זי געהאַט אַ פּאָר שליחים — מיר האָבן שוין דערמאָנט הערץ גראָסבאַרדן און זײַן פאַרדינסט, מיר דאַרפן אָבער דערמאָנען די אימפּרעזע, וואָס האָט גורם געווען, די ברייטערע ייִדיש־וועלט אַ ביסל ברייטער וועגן דעם אַקטיוון גײַסטיקן צענטער פון ייִדישער שאַפערישקייט צו אינפאָרמירן. די אימפּרעזע איז געווען אַ צוזאַמענקום לכבוד דעם צוואַנציק־יאָריקן יובל פון דער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ (1928). דעמאָלט האָבן זיך באַוויזן אַרטיקלען און שמועסן מכּוח דער אַנטדעקונג — זלמן רייזען,

וואָס רופט זייַן אַרטיקל בפירוש „די אַנטדעקונג פון יונג רומעניע״, ישראל רובין, וואָס גייט נאָך ווייַטער און רופט זייַן אַרטיקל „די ל״ר־ניקעס״, און דאָ און דאָרט איז די צענטראַלע געשטאַלט אליעזר שטיינבאַרג, שוין אָפּגעשמועסט פון אַלטער קאַציזנען, וואָס זייַן אַרטיקל כשמו עניָנו: „וועגן דער טשערנאָוויצער אויסגאַבע „דורך די ברילן״. כאָטש אין פלוג, האָט עס געהייסן, איז דער חידוש בלויז בנוגע רעגאַט וואָס האָט אַן עלטערן ייחוס — יאַס און זייַן מסורה מימי בערל בראָדער, וועלוול זבאַראַזשער און גאָלדפאַדן, ווי אויך אַ ייִנגערן ייִחוס — אַ בן־יחיד אין מלכות־יידיש, יעקב גראָפּער, צו וועלכן ס׳איז שפּעטער צוגעקומען לעאָן בערטיש, משמע נישט מער ווי אַ פּאָרל, אָבער באמת און בעיקר האָט זיך די אַנטדעקונג מכוון געווען צו די דרייַ צוגעקומענע פּראָווינצן, וואָס האָבן אין דער ראַם פון דער רומענישער מלוכה, געפּרוווט שאַפן אַ קולטורעלע קאָנסאָלידאַציע, וואָס האָט זיך שווער איינגעגעבן, נישט אַזוי מחמת דער פאַרשיידענער מענטאַליטעט פון דעם יידישן טיפּ אין די דרייַ פּראָווינצן, וואָס האָבן פריִער פּאָליטיש באַלאַנגט צו באַזונדערע מלוכות, נאָר דערהויפּט מחמת דער פּאַרטייִישער צעריסנקייט (ציוניסטן, בונדיסטן, קאָמוניסטן). און אַז עס איז שוין צושטאַנד געקומען אַ קולטור־פעדעראַציע, איז שטיינבאַרג אפשר געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך דערהויבן צו איבערפּאַרטייִשקייט, אָבער דער כוח פון דער מחלוקה איז געווען שטאַרקער פון זייַן אויטאָריטעט, און מיר וועלן זיך, דוכט זיך, נישט פאַרזינדיקן קעגן אמת, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז דווקא זייַנע נאָנטסטע תלמידים און חסידים, וואָס האָבן נאָך זייַן פּטירה אַרויסגעהויבן זייַן פירערישע ראָל, וואָלטן אים נישט נאָכגעגאַנגען, ווען ער וואָלט באמת פּרעטענדירט אויף אַ פירערשאַפט. דען וואָס האָט אַזאַ היסטאָריש טיף פאַראַנקערטער ייד געהאַט צו טאָן מיט זייער יידישיסטישער פאַרשייַטקייט און וואָס האָט אַזאַ קולטורעל טאָטאַל אָריענטירטער ייד געהאַט צו טאָן מיט זייער פּראַקציאָנערער פאַרביסנקייט? עס איז שווער צו זאָגן, אַז ער, וואָס האָט געקענט שטיין איבער די צעשפּאָלטענע לאַגערן, און וואָס האָט זיך לכרחו געפונען צווישן זיי, איז עפעקטיוו געווען אַ בריק, לא־כל־שכן די בריק, צו פאַראייניקן זייערע פּאָזיטיווע גרונטעלעמענטן צו אַ האַרמאָניע, ווי זי האָט געלעבט בייַ אים אין האַרצן. און אַפילו זייַנע אייגענע צוויי ערשטע ספרימלעך האָבן זיך ווי געשפּאָלטן — דער „אלפון״ איז אַרויס דורך דער ציוניסטישער פעדעראַציע און דער יידישער „אלף בית״ איז אַרויס דורך דער יידישער קולטור־פעדעראַציע, און די צוויי פעדעראַציעס זענען זיך נישט וויִיניק געלעגן אין די האָר. דוכט זיך, אַז די אינעווייניקסטע יידישע צערודערקייט האָט העכסטנס דערלויבט אַ דרך־ארץ צו שטיינבאַרגן מצד דער ערשטער פעדעראַציע מיט אַ שטילן תנאי, אַז ער וועט איר נישט אויפגעבן, און מצד דער לעצטער פעדעראַציע מיט אַ שטילן תנאי, אַז ער וועט איר נאָכגעבן. אַזאַ מין דרך־ארץ איז ווייַט פון אַן אָנערקענטער, אַ פירערישער אויטאָריטעט, און שטיינבאַרג

איז נישט געווען באַשאַפן פירערישע אויטאָריטעט אויפצוצווינגען, און אַזוי־אַרום שטעלט זיך זײַן פירערשאַפט, וואָס מען האָט זיך איבער איר, בעיקר נאָך זײַן פּטירה, היפּש צעשריבן, ווי אַ שטיקל לעגענדע, אויב נישט אַ שבשתא כיון דעל על.

וואָס ער האָט יאָ געקאָנט זײַן און איז געווען, איז אַ גײַסטיקער בעל־סמכא, ווײַל ער איז צווישן דעם געזעמל שרײַבער אין דעם נײַעם צענטער געווען דער גדול במנין ובחכמה. נישט געווען צווישן זיי אַ באַהאַוונטערער סײַ אין חכמת־ישראל סײַ אין חכמת־האומות. נישט געווען צווישן זיי אַ טיפערער קענער און באַהערשער פון אונדזערע בײדע שפּראַכן, נישט געווען צווישן זיי אַ גרעסערער שרײַבער, און ער וואָלט אין דער באַהאַוונטקייט, דער טיפקייט אין דער גרויסקייט אויסגענומען און פאַרקאָנקורירט אויך אין אַנדערע, צענטראַלע יידישע קולטור־יבשות. ער גופא האָט אָבער די מעלות זײַנע נישט גלייכמאָסיק אַקטיוויזירט. בעיקר האָט ער נישט אויסגענוצט די מיטלסטע מעלה זײַנע. ער, וואָס האָט סוווערען באַהערשט לשון־קודש און מאַמע־לשון, און האָט געהאַלטן, אַז אַ פאָלק ווערט נישט אָרעמער בײַ אַזאַ טאָפּלקייט, איז געווען אַ ממש אידעאַלער קאַנדידאַט אויף אַ צוויי־שפּראַכיקן מײַנסטער, איז אָבער לגבי העברעיִש יוצא געווען מיט אַ פּאָר קינדער־לידער — פון זיי געדרוקט אין ניו־יאָרקער „עדן", ווען עס האָבן זיך אויך געדרוקט ביאַליקס קינדער־לידער, — אַזוי אַז דער זאָג, וואָס מען וויל האָבן געהערט פון ביאַליקן, אַז ער, שטיינבאַרג, איז נישט בלויז דער גרעסטער יידישער נאָר אויך העברעיִשער קינדער־דיכטער, איז, פּשוט, אַ גוזמא, און אויב נאָך צורעכנען די פּאָר איבערזעצן פון העברעיִש (ביאַליק, טשערניכאָווסקי) איז דער חשבון כמעט פאַרענדיקט, און די אין כמות אַנטשיידנדיקע און אין איכות עיקרדיקע דאָמענע זײַנע איז געווען יידיש, אַזוי אַז דער אָנווענד פון מענדעלעס זאָג, אַז ער האָט געאָטעמט מיט ביידע נאָזלעכער, קאָן דאָ נאָר אָנגיין, ווען מיר וועלן צוגעבן, אַז איין לעכל האָט געאָטעמט טיף און ברייט, און פול און פרײַ, און דאָס אַנדערע לעכל איז געווען היפּש צוגעשפּאַרט. און דאָס איז אַ שאָד, נישט בלויז פאַר דער צווייִשפּראַכיקער קאָאַליציע, נאָר אויך, און אפשר בעיקר, פאַר שטיינבאַרגן, וואָס האָט באַדאַרפט, ווי דאָס לעבן, אַזאַ מענדעלעשן גערעאַנגל, ווו ביידע שפּראַכן וואָלטן זיך אין אים אַקטיוו געבאָרעט, און עס וואָלט אפשר געווען דער לעצטער גרויסער, אויב נישט דער גרעסטער, ווידעראַנאַנד פון דער אָריגינעלער שאַפערישער תקופה. אַוודאי האָט ער אין זײַנע יידיש־שאַפונגען, בעיקר אין די משלים, פאַרוועבט אַ שלל פון תורה, גמרא, מדרש, און לײַכט מעגלעך אַז ער האָט אין דער קינסטלערישער מאַני־פּולאַציע מיט דעם מאַטעריאַל קיין גלײַכן נישט, אָבער עס איז דאָך כאַראַק־טעריסטיש, אַז ווען ער האָט געקלערט אַרויס פון רומעניע און ער שרײַבט צו נטע רויטמאַן, זײַנס אַ תלמיד, וואָס האָט בײַ אים געלערנט העברעיִש און איז דערנאָך געווען דער פאַרלעגער פון זײַנע „משלים" (אין זײַן פאַרלאַג „שלום־

עליכם" אין בוקאַרעשט זענען אויך אַרויס די ערשטע ביכער פון יעקב גראָפּער, איציק מאַנגער, שלמה ביקל, בערל שנאַבל, יאָסל לערנער, יוסף בורג), אַז ער וויל אַנטלויפן: „וואוהין? ווייס איך ניט אויף זיכער, קיין וואַרשע, קיין אַרגענטינע, און אפשר גאָר — מיט ביאַליקס מיטווירקונג — קיין ארץ־ישראל", און ער גיט צו, ווײַזט אויס אַ ציטאַט פון ביאַליקס אַ בריוו צו אים: „ביאַליק רופט — עת כנוס", און ער פרעגט זיך אָן אויף אַ מעגלעכקייט פון אָוונטן אין פּאַריז. אָבער למעשה איז ער געפאָרן קיין בראַזיל, וווּ די יעווסעקעס האָבן אים דערגאַנגען די טעג, פאַרשרייענדיק אים פאַר אַ נאַציאָנאַליסט. און ווידער איז כאַראַקטע־ריסטיש, אַז ער, אַליין אַ וווּנדערלעכער צוזאַמענבונד פון אַ תּלמיד־חכם און פאָלקס־מענטש, האָט זיך אײַנגעשפּאַרט צו נאַטוראַליזירן, אָדער שאַרפער געזאָגט: דעהיסטאָריזירן, די אָרטאָגראַפיע פון לשון־קודש־קאָמפּאָנענט אין בוך „משלים" און האָט עס, אַקעגן דער דעה פון זײַנע בעסטע פריינד, און דעם קאָמיטעט פון בוך בתוכם, דורכגעזעצט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אַרויסגערופן שטוינונג און צער, ווי מיר לערנען דאָס אָפּ פון כּמה וכמה אָפּרופן אויף די „משלים" — אַזוי, אַ שטייגער, אין ביאַליקס ענטוזיאַסטישן בריוו, אין ניגערס און לייוויקס וואַרעמע אָפּשאַצן וכדומה.

מיר האָבן אַרויסגעהויבן די צוויי שטרעך, נישט בלויז מחמת זייער כאַראַק־טעריסטישקייט פאַר זיך, נאָר אויך דערפאַר, וואָס זיי וואַרפן אַ ליכט אויף שטיינבאַרגס גאַנג — אַ ביאָגראַפישער אַקט, וואָס פירט נישט אַרויס אויף אַ ברייטן שליאַך, נאָר פירט פון אַ נײַעם ווײַטן און בייזלעכן שטעג צום אַלטן, באַנטן, היימישלעכן שטעג צוריק. דאָס מיינט די עובדא פון יענער נסיעה, וואָס האָט נישט געפירט קיין וואַרשע אָדער תּל־אביב, נאָר דורך ריאָ־דע־זשאַניירא צוריק קיין טשערנאָוויץ. אַ כּביכול טעכנישער אַקט, וואָס פירט אָפּ פונעם שטראָז פון דורות, וואָס האָבן אָפּגעהיטן די אויטאָנאָמיע פון לשון־קודש־קאָמפּאָ־נענט אין די יידישע לשונות, און פאַרפירט אין אַ זאַק־געסל פון אַ כּת, וואָס, פאַרווישנדיק דעם וועג צום פאָלקס נעכטן, פאַרשפּאַרט זי זיך דעם וועג צו זײַן מאָרגן. דער צד השווה אין די ביידע אַקטן, איז אַ מין אויפבוי ,פון זאַפּאַרעס, בחינת גדר מזה וגדר מזה, און עס פרעגט זיך ווידער אַ מאָל: צי איז עס געווען אַ סטימול אָדער אַ שטער? פּשוטער געזאָגט: צי איז עס אַ מעלה, אָדער אַ חסרון?

ה

אַזוי ווי מען קאָן אונדז חושד זײַן, דאָס מיר האָבן די דאָזיקע צוויי אַקטן צוגעשפּיצט, ווילן מיר זיך אַ ביסל פּרטימדיקער אַרויסזאָגן, און מיר ווילן עס טאָן אין אַ פאַרקערטן סדר. וואָס שייך דער נאַטוראַליזאַציע פון דעם לשון־קודש־קאָמפּאָנענט האָט עס שטיינבאַרג אָנגערופן „אָפּרוימען די אָרטאָגראַפישע אַוונע־נעגעף", און זאָל די אַרגומענטאַציע זײַנע זײַן ווי זי איז געווען, — פון די דערקלערן מצד די אים נאָנטע איז די זאַך ווײַט נישט קלאָר. פרעגט זיך, וואָס

פאַר אַ מין לייענער האָט ער זיך אויסאימאַגינירט, אַז די צורה פונעם לשון־קודש־וואָרט איז פאַר אים אַ כראָפּעוואַטער שטאַרצשטיין, משמע ער קען עס שוין נישט פון מקור און איז שוין מער נישט מסוגל עס צו דערקענען, ווי עס איז אין מקור. און פון דעסטוועגן איז דער תוכן פון לשון־קודש־וואָרט אין זײַנע פילפּנימדיקע באַנוצן, ווי זיי קומען פיר אין די משלים — טערמינען, באַגריפן, באַהעפטן, אַסאָציאַציעס, בילדער — פאַר אים אַ גלאַט פּאָלירטע טאַפליע. און שטיינבאַרג איז געווען צופיל פּעדאַגאָג, ער זאָל נישט פאַרשטיין, אַז דער דאָזיקער חידוש, וואָס טיילט אָפּ צווישן אָריגינאַלן בילד פונעם וואָרט אין מקור און צווישן דעם פאַראַנדערשטן בילד פונעם וואָרט אין זײַן משל, מאַכט לויז דעם צובונד צום מקור און צעוואַקלט אַ בריק צום לעבעדיקן העברעיִש; און שווער צו גלייבן, אַז ער זאָל דאָס האָבן געוואָלט. אָבער מעגלעך, אַז דער אָפּנויג זײַנער פון זיך אַליין, האָט אומגערן צוגעהאָלפן דעם און יענעם פון זײַנע קריטיקער, וואָס די שפע פון דער יידישקייט זײַנער האָט זיי געבאָדיעט אָדער געשטערט, און האָבן געהאַט תרעומות, הלמאי ער האָט זײַנע משלים אַזוי פאַרלמדנישט, פאַרגמראט, און איבערגעלאָדן מיט פאַרעלטערטער פאָלקס־טימלעכקייט.

על כל פנים איז מעגלעך, אַז דער אַנטי־למדנישער אויסלייג האָט דאָ אויך, שלא בכוונה, צוגעלייגט אַ קנייטל. און עס איז זיכער נישט קיין צופאַל ווען שמואל ניגער — (ער האָט זיך אַמערשט באַקענט מיט די משלים בעל־פּה, טרעפנדיק זיך מיט שטיינבאַרגן אין טשערנאָוויץ) — וואָס איז אַ סניגור פון די למדנישע עלעמענטן וועלכע פאַרוועבן זיך מיטן פאָלקישן, באַטראַכט זיי ווי אַ סימן פון אַן ערנצטן באַצי צו דער אייגענער פאָלקס־ירושה, האָט זיך, ווי מיט הענט און פיס, געוועהרט קעגן דעם דאָזיקן אויסלייג. אויך ה. לייוויק, וואָס מיינט אפילו, אַז די משלים האָבן צו פיל באַשווערנדיקן פּלפּול, האַלט אַז דער שלל העברעיִזמען, וואָס זענען געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון יידיש, און וואָס אונדזער מַשל באַנוצט זיי אין כּלערליי ניואַנסירונגען, פאַרלירט דורך דעם דאָזיקן אויסלייג זײַן פאַרביקייט.

האָבן טאַקע די שפּעטערדיקע פאַרלעגער פון די משלים עובר געווען אויף שטיינבאַרגס פאַרזאָג, און אַ חוץ דער אויסגאַב פון די משלים דורכן מלוכה־פאַרלאַג פאַר ליטעראַטור און קונסט אין בוקאַרעשט (1956), האָט די אויסגאַב פון די בעסאַראַבער לאַנדסלייט אין בוענאָס־איירעס (1949), שוין אָפּגעשמועסט די אויסגאַב פון דעם צווייטן באַנד משלים, וואָס איז אַרויס פון כּתב־יד, דורכן ארגון יוצאי ליפּקאַני אין תל־אביב (י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, 1956) אָפּגעהיט דעם מסורהדיקן אויסלייג פון לשון־קודש־קאָמפּאָנענט און עס לוינט צו דערמאַנען אַ גאָלדן וואָרט, וואָס מיר האָבן געהערט פון דניאל לייבל, דעם צוגרייטער פונעם באַנד: מיר האָבן, פונקט אָרטאָגראַפיע, פאַרטיידיקט שטיינבאַרגס אייביק היסטאָרישע פאַרוואָרצלטקייט קעגן זײַנס אַ צײַטלעך אומהיסטאָרישן קאַפּריז.

ו

און פון דעם כלומרשט טעכנישן צוריק צו דעם בפירוש ביאָגראַפישן. דער צוריקוואַנדער פון דער בראַזיליאַנער אין דער בוקאָווינער עיר־הבירה, ווערט, בדרך כלל, באַצייכנט ווי אַן אומקער צו דעם אָרט, ווו זײַן לעבן און אויפטו האָבן דערגרייכט דעם הויכפונקט. דאָ איז ער געוואָרן דער קריסטאַליזאַציע־קערן פאַר אַ פײַנער גרופע פון ווערטיקע שרײַבערס, קינסטלערס, פאָרשערס און אַ צוצי־מאַגנעט סײַ פאַר אינטעליגענטן, וואָס די ליבשאַפט זייערע צו יידיש האָט געפראַוועט אַ מין שבת, סײַ פאַר אַן עולם יידן פון אַלע טעג אין דער וואָך. דאָ איז ער געוואָרן דער מאָטאָר פון אָרגאַניזאַציעס און אַן איניציאַטאָר פון כמו־שולן און קינדער־קאָלאָניעס, און דער זאָג, אַז ער איז אַרויס פון ליפקאַנער מיצר אין טשערנאָוויצער מרחב, האָט אין זיך אַ היפשע, כאָטש גענוג רעלאַטיווע, מאָס אמת. עס לאָזט זיך פאַרשטיין, פאַר וואָס דאָס דיפערענציר־טערע, צענטראַל־אייראָפעיִש אָנגעהויכטע, טשערנאָוויץ האָט פרעטענדירט צו זײַן דער צענטער, גיכער פון יאָס מיט זײַן היימישערער אַטמאָספער, און פון בוקאַרעשט מיטן מעטראָפאָלישן היקף, אָבער מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז אויב די בוקאָווינער, און בעיקר די טשערנאָוויצער אינטעליגענציע, האָט איבער־געלעבט אַ יידיש־אויפבלי, איז עס אויך געקומען מחמת דער וואַקואום, וואָס דייטשיש האָט שוין פאַרלוירן און רומעניש האָט נאָך נישט איבערגענומען די ראָל פון דער דרויסנדיקער קולטור־שפראַך. עס איז דאָס זעלבע וואַקואום, וואָס עס איז געווען אין פוילן אויף די קרעסן, ווו רוסיש איז שוין אַרויס און פויליש איז נאָך נישט אַרײַן, און עס האָט זיך געבאָטן אַ לײַטישער שעת־כושר אויסצונוצן די סיטואַציע, כדי סײַ דאָס העברעיִשע, סײַ דאָס יידישע שול־וועזן צו באַפעסטיקן, און עס איז טאַקע דאָרט אויסגעוואַקסן שטאַרקער ווי אין אַנדערע קאַנטן.

אויף בוקאָווינע און טשערנאָוויץ בראשה, לאָזט זיך דער כלל אַ סך שוואַכער אָנווענדן: בית־האַבסבורג, וואָס האָט אין דעם קרוינלאַנד אַרײַנגעלייגט אַ סך גערמאַניזאַטאָרישע מי — דײַטשישע גימנאַזיעס, אַ דײַטשישער אוניווערסיטעט וכדומה, — איז שוין לאַנג נישט געווען, אָבער צווישן די יידן דאָ האָט זיך דײַטשיש ווײַטער נישט בלויז קאָנסערווירט, נאָר אפילו רענאָווירט — עס זענען צווישן זיי אַפילו אויפגעשטאַנען נײַע דײַטשישע שרײַבערס. צו מאַרגול שפערבער זענען צוגעקומען יצחק שרײַער, וואַלדינגער, ראַטשפרעכער, פאַול צעלאַן. און ווי אַזוי די שפראַכלעכע אַסימילאַציע איז אַרײַן אין סאַמע מיט פון אַ משפחה, ווייסן מיר דאָך פון שלמה ביקלס „דרײַ ברידער זענען מיר געווען" — זײַן אייגענער ברודער אליעזר (ער האָט זיך גערופן לאָטאַר) אַ באַרימטער מעדיצינער און כירורג, איז נאָכגעגאַנגען זײַן רבין, קאָנסטאַנטין ברונער, אין זײַן אַסימילאַטאָרישן באַנעם, און האָט געשריבן דײַטשיש, און זײַן עיקר־בוך איז אין דער שפראַך אַרויס שוין נאָך זײַן פטירה; און ער

איז נישט געווען דער איינציקער ברונעריאַנער אין דער בוקאָווינע. אַ גאַנצע גרופּע פון זיי איז אַפילו געווען אין תל־אביב, און האָבן דאָ אַרויסגעגעבן דײַטשישע העפטן. יאָ, אליעזר ביקל איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון שטיינבאַרגן — ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ פילאָזאָפישן עסיי איבער זײַנע משלים, און דאָרט דערציילט ער, ווי אַזוי שטיינבאַרג איז געוואָרן אַ געשעעניש אין זײַן לעבן. אָבער דאָס איז געווען אַ פּאַסיוו געשעעניש פון אַ לייענער און נישט געוואָרן קיין אַקטיוו געשעעניש פון אַ שרײַבער, נאָך מער — ווערן אַ פּאַרער, וואָס איז לאַנג געשטאַנען אונטערן כּישוף פון שטיינבאַרגן, זײַט זי איז, אַ קליין מיידעלע, מיט איר טאַטע־מאַמע, אַנטלאָפן פון אָדעס קיין ליפּקאַן, און געפונען אַ דאַך אין שטיינבאַרגס שטוב, ביז זי האָט, אַ דערוואַקסן מיידל, אים געהאָלפן אין דער קינדער־קאָלאָניע, האָט געשריבן דײַטשישע לידער, פּונקט ווי עס האָבן געטאָן אירע חברטעס און חברים, וואָס זי רעכנט אויס: ראָזע אויסלענדער, קיטנער, קובי וואָהל, און איך וויל צו דעם רײַסטער צורעכנען יינגערע ווי, אַ שטייגער, מאַנפרעד ווינקלער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דעם גײַסט פון דעם בראָדער זיידן זײַנעם, מײַן דײַטשיש־לערער יאָזעף ווילדהאָלץ, אין דער אַטמאָספער פון משפחה און סביבה אין דאָרנע־וואַטרע, און געשריבן דײַטשיש, ביז ער איז אַהער געקומען און גענומען שרײַבן העברעיִש. נו, און אַז מאיר עבנער האָט אויך אונטער רומעניע ווײַטער אַרויסגעגעבן אין דײַטשיש די ציוניסטישע „אָסט־יידישע צײַטונג" און אַנדערע, ווי מאַנפרעד רײַפער, האָבן אויך אין תל־אביב אַרויסגעגעבן דײַטשישע ביכער, איז דער גראָטעסקער פינאַל פון דער טרויעריקער פּרשה. יוסף בערנפעלד, וואָס באַשרײַבט אונדז טשערנאָוויץ, ווי די צווייטע היים פון שטיינבאַרגן, וואָרנט טאָקע פאַר אַ בבא־מעשה, וואָס אַ שפּעטערע נאָסטאַלגיע האָט זי צוגעטראַכט. אמת, טשערנאָוויץ איז די שטאָט, וווּ די שפּראַך־קאָנפערענץ איז זיך צונויפגעקומען, אָבער זי גופא האָט דערצו כמעט גאָרנישט געטאָן. זי האָט אַפילו נישט פאַרמאָגט קיין יידישע ביבליאָטעק. ערשט צוויי יאָר נאָך דער קאָנפערענץ איז געקומען אַ שטיקל שינוי — עס האָט זיך געגרינדעט אַ יידישע „בורשענשאַפט" (האָט זיך געפונען דווקא אין דער גאַס, וואָס האָט געהייסן אויפן נאָמען פון דעם פאַרמיאוסער פון יידישן שטייגער אין מזרח־אייראָפּע, קאַרל עמיל פראַנצאָז) וואָס האָט נאָמינירט י. ל. פּרצן פאַר איר „ערנבורש", און מיט אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָט דאָ שוין געהאַנגען אַ בילד פון מענדעלען און זײַנס אַ בריוו צו דער דאָזיקער חברה. ערשט נאָך דער מלחמה איז געקומען אַ שינוי ניכּר, און ער רעכנט דאָרט אויס די יידיש־שרײַבערס און יידיש־ליבהאָבערס, וואָס האָבן זיך אַרום שטיינבאַרגן גרופּירט, און וועלכע מיר קענען בעיקר פון שלמה ביקלס אויסגעצייכנטע פאַר־טרעטן, סיי אין פּראָפיל („עסייען פון יידישן טרויער", „שרײַבער פון מײַן דור") סיי אַנפאַס („רומעניע").

מיר האָבן דאָס אַלץ דערמאָנט, כּדי צו זען ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען

ביידע זייטן פון דער מטבע, און מיר ווילן אַרויסהייבן די כמעט קאָמישע עובדה, וואָס עס ברענגט יוסף בערנפעלד, — די בורשנשאַפטלעכע נאָמינאַציע פון י. ל. פרצן, כדי צו דערמאָנען די גאָר ערנצטע עובדה, אַז שלמה ביקל פירט דורך אַ פּאַראַלעל צווישן י. ל. פרץ און אליעזר שטיינבאַרג, אַרויסברענגענדיק די פאַרשיידנקייט פון זייער מענטאַליטעט און כאַראַקטער, און באַטאָנענדיק די ענלעכקייט פון זייער צענטראַלער ראָל — דער אין וואַרשע און דער אין טשערנאָוויץ. אָבער אַזוי ווי ער ברענגט אַ משל צו כאַראַקטעריזירן די פאַרשיידנקייט פון די פאַרשוינען — דער אַ לייב און דער אַ טויב — בעט זיך אויך אַ משל צו כאַראַקטעריזירן די פאַרשיידנקייט פון די שטעט, דען אַזאַ משל וואָלט אונדז פאַרגרינגערט בודק צו זיין די עפעקטיווע ענלעכקייט פון דער ראָל, טאַקע אויפן יסוד פון דעם דאָ געבראַכטן משל, וואָס איז מרמז אויפן חילוק צווישן דעם הויכן און שטאָלצן ווערטיקאַלן פלי און דעם ברייטן און עניוותדיקן האָריזאָנטאַלן פלי, פונקט ווי עס וואָלט אונדז פאַרגרינגערט בודק צו זיין, פאַר וואָס איז פרצעס ראָל געווען אַ גרויסע ווירקלעכקייט און פאַר וואָס איז שטיינבאַרגס ראָל געבליבן אַ גרויסע מעגלעכקייט.

ז

וואָס עס לאָזט זיך בודק זיין, איז אַ קשיא, וואָס מען מעג און מען דאַרף זי, mutatis mutandis פרעגן: צי קען מען שטיינבאַרגס איבערגאַנג פון ליפקאַן קיין טשערנאָוויץ פאַרגלייכן מיט פרצעס איבערגאַנג פון זאַמישטש קיין וואַרשע? די תשובה דערויף איז אַ בפירוש פּאָזיטיווע, אָבער דער פאַרגלייך איז חל גיכער אויף דער אַקטיוויזאַציע מצד דער סביבה, ווי אויף דער אַקטיוויזאַציע פון דער סביבה, משמע, וויפל שטיינבאַרג זאָל נישט געווען דינאַמיזירן די נייע סביבה זיינע, ליגט דאָס עיקר חשיבות דערינען, וואָס די נייע סביבה האָט אים דינאַמיזירט, און דווקא אין דעם עיקר־העיקרים — זיין שאַפערישן פּראָצעס, — די אַלט־מאַמעשע ליבשאַפט, וואָס האָט אים אַרומגענומען אין ליפקאַן, האָט — ווי מאַנגער זאָגט עס אין זיין באַלאַדע — נישט געלאָזט ווערן אים אַ פויגל, וואָס פליט אַרויס פונעם וואַרעמען נעסט, און צעזינגט זיך, פון דער פולער קעל, אַז דער גאַנצער אַרום זאָל הערן, בשעת די יונג־ברידערשע ליבשאַפט, וואָס האָט אים אַרומגענומען אין טשערנאָוויץ, האָט אים צו דעם פלי אויפגעפאָדערט, אָנגעשפּאָרנט, כמעט פּראָוואָצירט. ערשט פון דאַנעט האָט זיך די יידישע וועלט דערוווסט, אַז אַזאַ פויגל, און אַן איין־און־איינציקער, איז פאַראַן, ערשט איצט האָט מען גענומען זיך חידושן, שטוינען, אַפילו בייזערן, ווי האָט מען יאָרנלאַנג פאַרזען אַזאַ שטערן. מען האָט זיך געחידושט; דערציילט דאָך יהושע ראַפּאָפּאָרט, אַז ווען ישראל רובין האָט געבראַכט אַ גרוס פון יידישן רומעניע, האָט זיך עס אויפגענומען ווי אַ מעשה פון די רויטע יידעלעך, גלייך ער וואָלט אָנגעשפּאָרט אויף יענער זייט סמבטיון. און אויך נאָך דעם ווי הערץ גראָסבאַרד האָט

זײַן רעפּערטואַר באַשײַנט מיט מאַנגערס באַלאַדן און שטײנבאַרגס משלים, איז די שטײנבאַרגישע געשטאַלט אויסגעוואַקסן ווי אַ מין אגדתא. מען האָט געשטױנט; האָט דאָך נח פּרילוצקי נישט געגלײבט, אַז שטײנבאַרג איז פֿון אַ קלײן בעסאַראַביש שטעטל, און ווען יעקב שטערנבערג האָט אין ריגע (1930) פֿיר־געלײענט זשיטלאָווסקין פֿון שטײנבאַרגס משלים, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט שוין לאַנג געגאַרט נאָך אַ נײַעם ייִדישן קולטור־פּענאָמען און האָט נישט געוווּסט, אַז ער איז שוין פֿאַראַן. מעגלעך, אַז זשיטלאָווסקי, וואָס איז בסך הכל געווען מיט פֿופֿצן יאָר עלטער פֿון שטײנבאַרגן, האָט נישט געוווּסט, ווי לאַנג דער פּענאָמען איז שוין פֿאַראַן. מען האָט זיך אַפֿילו געבײזערט. גיט דאָך משה אַלטמאַן איבער, מיט וואָס פֿאַר אַ כעס דוד בערגעלסאָן האָט גערעדט וועגן שטײנבאַרגן, וואָס האָט באַדאַרפֿט צו זײַן דער צווײטער פּאָפּולאַרער נאָמען נאָך שלום־עליכמען, האָט אָבער פֿאַרהאַלטן זײַנע כּתבים און האָט זיך באַשרענקט אויפֿן רעזאָנאַנס צווישן ליפּקאַן, קאַמענעץ און טשערנאָוויץ.

עס וואָלט אפֿשר כּדאַי געווען אָפּגעהיטענער צו זײַן, כּדי נישט פֿאַרמישן די דרײַ שטעט, פּונקט ווי עס וואָלט אפֿשר כּדאַי געווען אויסצומײַדן אַזאַ שאַרפֿן און באַשולדיקנדיקן דיבור ווי: פֿאַרהאַלטן די כּתבים. עס איז נישט קײן גנאַי פֿאַר שטײנבאַרגן, וואָס זײַנע פֿאָדערונגען פֿון זיך אַלײן זענען געווען מאַק־סימאַלע, און — אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן — היפּער־מאַקסימאַלע. עס איז אָבער אַ שבח פֿאַר זײַנע טשערנאָוויצער ערלעכע אַדאַראַנטן, וואָס זענען געווען מבֿינים אויף אים, און האָבן אים נישט צו רו געלאָזט ביז ער איז זײ נאָכגעקומען און איבערגעגעבן די משלים צום דרוק. אמת, זײער שפּעט, אָבער אײדער עס איז געוואָרן צו שפּעט.

און וואָס שײך פּערפֿעקציע — איז שטײנבאַרג נישט קײן בן־יחיד אין אונדזער ליטעראַטור. אמת, בדרך כּלל האָבן זיך רוב שרײַבערס אונדזערע באַנוגנט מיטן משקל ראשון און אַפֿילו אין אירע הויכן איז גובר דער ערופּטיווער יסוד פֿון שאַפֿן. אָבער דער דרך פֿון פֿײַלן און שלײַפֿן איז אויך געווען שכיח. אַפֿילו אין דער השׂכּלה־צײַט זענען אַקטועל־קעמפֿערישע טעמעס, ווי, אַ שטײגער, ביי איציק ערטער, יאָרנלאַנג געלעגן אויפֿן פּולט, ביז ער האָט זײ אויסגעצאַצקעט; שוין אָפּגעשמועסט פֿון דער געדולד פֿון אברהם מאַפּו וכדומה. און וואָס דאַרפֿן מיר אַזוי ווײַט גײן, געווען דורכצוקוקן אַ בינטל וואַריאַנטן בײַ י. ד. בערקאָוויטשן און ש״י עגנונען, כּדי צו זען, צו וואָס דער וווּקס פֿון קינסטלערישער און אויטאָקריטישער באַוווּסטקײט איז מסוגל. ומי לנו גדול בפֿײַלן ושלײַפֿן כּמענדעלע, וואָס האָט זיך יאָרנלאַנג, כּמעט צוויי דורות געפֿלײַסט און אַלץ געמײַסטרעוועט. און, בעצם, וואָס דער ייִדיש האָט געטאָן ברשות־הרבים, האָט שטײנבאַרג געטאָן בצנעה, ווי עס זענען מעיד די כּתבֿי־יד, וואָס יעקב שטערנבערג באַשרײַבט זײ אין נאָכוואָרט צו די משלים, ווי „דער כוואַליענדיקער גמרא־ים, וואָס פֿאַרפֿלײצט דעם מישנה־אינדזל״ — אַ שײנער, כאָטש נישט גאַנץ פּינקט־

לעכער משל, ווײַל דאָ איז עס דאָך די מישנה, וואָס פּאַרפּלייצט זיך אַליין מיט אירע סוגיות און אירע גירסאות. מעגלעך, אַז שטיינבאַרג האָט געהאַלטן, אַז אַ משל דאַרף אַרויס אין רשות־הרבים, אַז מען זאָל אים נישט קענען און נישט דאַרפֿן מער משנה זײַן, אַזוי, אַז ער מעג לאַנג, גאָר לאַנג אויסגעטראָגן ווערן, קען אָבער בלויז איין מאָל געבוירן ווערן. נײַערט די וואָס האָבן געזען, אַז די שמחה פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס, און מורא געהאַט אַז עס איז אַ מעשׂה אָן אַ סוף און האָבן טאַקע צוגעאײַלט די חבלי־לידה, האָבן, ווײַזט אויס, געטענהט, וואָס עס האָט געטענהט דער בראָדער אתרוגים־סוחר, ר׳ פּיניע צימעלס, ווען מען האָט געפּראָוועט זײַן פּופּציקסטע נסיעה קיין ארץ־ישראל: יאָ, איך אַליין בין אַ ווילדער איבערקלײַבער און מײַנע קונים זענען אויך שטאַרקע איבערקלייבערס, פרעגט זיך, ווי קויף איך און פאַרקויף פּאַרט די אתרוגים. וועל איך אײַך געבן אַ טאָפּלטן משל — דער איינער משל איז פון אַ גדול בישראל, שמאי הזקן, וואָס איז אַרויס זונטיק אין מאַרק אַרײַן און געקויפט אַ בהמה לכבוד שבת, מאָנטיק האָט ער זי פאַרביטן אויף אַ שענערער און בעסערער, און אַזוי די איבעריקע טעג, אָבער אַלץ נאָר ביז פרײַטיק, ווײַל שבת האָט געמוזט זײַן פליייש אויפן טיש. דער אַנדערער משל איז פון אַ קטן בישראל, אַ שנײַדער, וואָס האָט געוווּסט דעם קיימא־לן, אַז חכמת־שנײַדערײַ האָט גאָר קיין גרונט נישט, אָבער אַ נײַ מלבוש אויף פסח מוז מען ברענגען פאַר דער סדר־נאַכט, און דער נמשל איז אַן אתרוג, וואָס דאַרף זײַן אַ הדר, און הידור ווײַטער האָט גאָר קיין שאַץ נישט, האָט ממילא די איבערקלײַבערײַ קיין שיעור נישט, קוים אָבער רוקט אָן ערב־סוכות, מוז נעמען אַן עק, צומאַרגנס צעהילכט זיך טאַקע די ברכה אויף די ארבעה מינים מחיה נפשות.

דער באַנד משלים, וואָס האָט אויף זיך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן, און דער ממשל האָט אים נישט דערלעבט צו זען כּלול בהדרו, האָט באַוויזן, אַז פון די פיר מידות, וואָס פּאַסן זיך פאַר תלמידי חכמים, האָט ער זיך געהאַלטן בעיקר אין דרײַ — וואָס מער שוואָם און זײַער און זיפּ, און וואָס ווייניקער ליקע. דאָס געזעמל זײַנס האָט דעם באַנאַלן זאָג: לא בא כבושם הזה, צוריקגעגעבן זײַן פשוטו כמשמעו. דעם זשאַנער משל קען אונדזער ליטעראַטור ממש טויזנטער יאָרן, זײַט דעם משל קדמוני ועל־כן יאמרו המושלים, דורך דער גמרא און די ממשלים אונדזערע פון מיטלעלטער ביז אין דער מאָדערנער צײַט, אָבער אַזאַ מדרגה פון משל ווי עס האָט זי דערגרייכט שטיינבאַרג, האָבן מיר פריִער נישט געהאַט און עס איז אַ מדרגה, וואָס וואַלגערט זיך אויך נישט אין אַלטע און נײַע לשונות. דערפאַר זענען גרײַלעך געדעכט די, וואָס האָבן צומערשט לגבי אים באַנוצט די דעפיניציעס: קלאַסיק און קלאַסיקער, סײַ ווען דער פאַרגלײַך זייערער איז מטריח דעם גרויסן דרײַלינג אין דער וועלט — עזאָפּ, לאַפאָנטען, קרילאָוו, סײַ ווען דער פאַרגלײַך זייערער איז מטריח דעם גרויסן דרײַלינג אין דער היים — מענדעלע, שלום־עליכם, י. ל. פרץ. אָבער במה דברים אמורים,

ווען ביידע פֿאַרגלײַכן האַלטן זיך אין דער מעלה. ראשית, ווען דער ערשטער פֿאַרגלײַך מיינט, אַז שטיינבאַרג האָט דערגרייכט דאָס אָפּטימאַלסטע שאַפֿערישע יכולת אין קינסטלערישן אויפֿבוי פֿונעם משל, לויטן יידישן מהות און וועלטישן ניוואָ, און דאָס איז דוכט זיך געגנוג פֿאַר זיך, און ער קען זיך באַגיין אָן דעם צוגאָב, ווי עס ברענגט אים משה אַלטמאַן, אַז אונדזער ממשל האָט איבערגעשטיגן לאַפֿאָנטענען מיט זײַן סאָציאַלן פּאַטאָס און קרילאָוון מיט דער גרעסערער ברייטקייט פֿון וועלט־באַנעם, דען עס איז פּשוט, לגבי אים, נישט קיין יתרות — ער האָט געלעבט נאָך זיי און ממילא געקענט זײַן אַ פֿאַרבינד פֿון דער אַנטיקער ירושה און פֿון דער מאָדערנער פּראָבלעמאַטיק. און אחרית, ווען דער אַנדערער פֿאַרגלײַך מיינט, אַז שטיינבאַרג האָט אין משל דערגרייכט, וואָס מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם האָבן דערגרייכט אין דער דערציילערישער פּראָזע, אָדער דראַמאַטישער פּאָעזיע, און דאָס איז אַוודאי גענוג פֿאַר זיך, און ס׳איז איבעריק אים אַנידערצושטעלן ווי דעם יורש פֿון די עיקר־מידות אָדער גרונט־עלעמענטן פֿון צוויי אָדער אַלע דרײַ קלאַסיקער אונדזערע. אָבער זײַט יעקב שטערנבערגס צוויי הספּדים איבער שטיינבאַרגן, ווו ער האָט געפֿונען אין אים די געניאַליטעט פֿון שלום־עליכמען און די עילויִשקייט פֿון פּרצן, און זײַט ביקל האָט אין אים געפֿונען דעם אָדלערפֿלי פֿון פּרצן, די סאַטירע פֿון מענדעלען, און דאָס פּשטות פֿון שלום־עליכמען, און גינינגער האָט די שטיינבאַרג־געשטאַלט פֿאָרמולירט ווי אַ מזלדיקע סינטעז פֿון פּרצ׳ס אָנפֿירערישער ראָל, פֿון מענדעלעס כּוח־הצימצום אין קלאָרקייט פֿון סטיל, פֿון שלום־עליכמס שפּראַך־פּשטות, און אַלטמאַן האָט עס נאָך פֿאַרשאַרפֿט זאָגנדיק, אַז מיט שטיינבאַרגס פּטירה איז צוגענומען געוואָרן די פֿיגור, וואָס האָט ממלא געווען דעם חסרון פֿון אַלע דרײַ קלאַסיקערס, איז עס געוואָרן אַ מין כּלל גדול אַזוי אָדער אַנדערש איבערצוחזרן די דאָזיקע הנחה, וואָס דניאל לייבל האָט זי, נאָך אַ האַלבן יובל יאָרן, פּרעציז פֿאָרמולירט, רעדנדיק וועגן אַ פֿאַרשפּעטיקט אייניקל, וואָס האָט אין זיך געטראָגן ווונדערלעך־האַרמאָניש מענדעלעס סאַטירישע חריפֿות, שלום־עליכמס לירישן הומאָר און פּרצעס אידעיִשע געהויבנקייט. נו, זענען די אַרויסזאָגן זייער שיין, און אויף וויפֿל זיי זענען קאָנטראָלירלעך, וואָס איז גאָר נישט קיין לײַכטע הלכה, קענען זיי אויך האָבן אַ האַפּט, אָבער זיי ווײַזן זיך אויס מאָדנע, ווען דער פּועל־יוצא זייערער דאַרף צו זײַן די ראַנגע און דער טיטל פֿון דעם פֿערטן קלאַסיקער, און נישט מחמת דעם אַלטן פּראָטעסט פֿון מלך ראַוויטשן קעגן דעם עצם־געדאַנק אַנידערזעצן שטיינבאַרגן בײַ דער מזרח־וואַנט, לעבן שלום־עליכמען און פּרצן, און נישט מחמת דער ייִנגערער דיסקוסיע וועגן באַשטימען אַ פֿערטן קלאַסיקער און דעם פּלפּול וועגן דעם פּאַסיקן קאַנדידאַט, נאָר מחמת דעם קאַרדינאַלן טעות, אַז אַ צוזאַמענשטעל, אַפֿילו ער זאָל נישט זײַן קיין קאָנגלאָמעראַט נאָר אַ סינטעז, פֿון עיקר־יסודות פֿון די דרײַ קלאַסיקערס, מאַכט אַ פֿערטן, און דאָס איז אפשר

די שווערסטע, כאָטש מיט דער בעסטער כוונה געמאַכטע, עוולה קעגן שטיינ־באַרגן, דען זי לאָזט אים נישט זײַן, וואָס ער איז באמת געווען, פונקט ווי יעדער פון די דרײַ גרויסע זענען געווען — ער אַליין, מיט זײַן אייגענער תרתי דסתרי, — די צווייי האַרציקע ברידער פון דער הגדה — דער גרונטיקער תם, וואָס איז געוואָרן דער בעסטער יידישער קינדער־דיכטער און דער גרונטיקער חכם, וואָס איז געוואָרן דער גרעסטער יידישער פאַבל־דיכטער, ואחרון אחרון חשוב, און אַזוי ווי דאָס ווערק לויבט דעם מײַסטער, איז עס אַ פשוטער שמע־מניה: אַז דער באַשאַף איז קלאַסיק, איז דער באַשאַפער — אַ קלאַסיקער.

ח

יאָ, ווער עס איז נאָכגעגאַנגען דער מחלוקה איבערן פערטן קלאַסיקער האָט בעל־כרחו געשפּירט אַ שטיקל אומבאַקוועמלעכקייט, אַ פאַרבאַהאַלטענע קשיא: — מה נשתנה היידישע ליטעראַטור מכל האייראָפּעיִשע ליטעראַטורן; שכל הליטע־ראַטורן, אָדער רוב הליטעראַטורן האלה, האָבן קלאַסיקער דיכטער, והליטעראַטור הזה האָט קלאַסיקער, וואָס זענען בעיקר פּראָזאַיִקער, אַז אַפילו ווען מען רעדט שוין פון אַ פערטן, אַ דיכטער, זאָל ער גאָר זײַן אַ משלים־דיכטער, אַ זשאַנער, וואָס די ליטעראַטור און די יידישע בכלל, האָט אים נישט אַוועקגעזעצט אויבן־אָן. אָבער עס איז פאָרט אַ קשיא אויף אַ מעשׂה — שטיינבאַרג האָט דעם זשאַנער אַוועקגעזעצט ביי דער שפּיגלוואַנט. ער האָט אים געגעבן דאָס שלימות, צו וועלכן עס האָבן געגאַרט אין די פריִערדיקע פּרווון און דערגרייכן אונדזערע ממשלים, און דערפאַר מוז אַ יעדע אָפּשאַצונג פרעגן, וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן משל, און איז מחויב קודם־כל דערויף צו ענטפערן. עס הייסט נישט, אַז אַלע איבעריקע שאַפערישע געביטן זײַנע, בעיקר אין דער קינדער־ליטעראַטור, מעגן אויסגעמיטן ווערן. ניין, ער, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט צווישן קינדער (זײַענדיק אין זייער חברה פלעגט ער זאָגן: מיר קינדער), ער, וואָס זײַנע פאַרערער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם ערן־קבר, ווי די טשערנאָוויצער קהילה האָט אים געוואָלט מקבר זײַן, און האָבן אים דאָרט באַהאַלטן צווישן קינדער־קברים; ער, וואָס האָט אַזויפיל טאַלאַנט און מסירות אָפּגעגעבן די קינדער און געשטעלט פאַר זיי אַ באַזונדער טעאַטער, און געהאַלטן, אַז עס איז דאָס איינציקע, אמת נאַטירלעכע טעאַטער, פאַרדינט מ׳זאָל פרטימדיק באַהאַנדלען די דאָזיקע אויפטוען זײַנע. אָבער אין לו לדיין אלא מה שעיניו רואות — מיר האָבן טאַקע געהערט פון די דראַמעס, מיר ווייסן, אַז ער האָט עטלעכע, סײַ אין ליפּקאַן סײַ אין טשערנאָוויץ, מיט גרויס הצלחה געשטעלט, מיר ווייסן עטלעכע נעמען זייערע, ווי, אַ שטייגער, די אָפּערע פאַר קינדער „דער באַרדיטשעווער רב פאַרן בית דין של מעלה״, אָדער „יוסף מוקיר שבת״, „אברהם אבינו״, „דער ווײַסער האָן״, מיר ווייסן, אַז עס האָבן אים געהאָלפן דער אָפּערע־זינגער סווירסקי, דער מאָלער שלמה לערנער, דער רעזשיסער מאַקס באַראָק און אַנדערע; מיר ווייסן,

אַז צווישן די קינדער, וואָס האָבן געשפּילט די ראָלעס, זענען געווען משה אוישער און יוסף שמידט. מיר ווייסן דאָס אַלץ, אָבער נישט מער.

אמת, אַ דיכטער לאָזט זיך נישט גאַנץ פאַרשטיין, אויב מען קען נישט אַלע זײַנע כּתבים, בפרט אַזעלכע, וואָס זענען אַ באַזונדערע ספּעציעס און אַנטהאַלטן, אין אַ באַזונדערער בולטקייט, עלעמענטן, וועלכע זענען פאַרוועבט אין זײַנע אַנדערע, עיקרדיקע ווערק — און אַזאַ עלעמענט איז, אַ שטייגער, דאָס פאַנטאַסטישע אַפילו פאַנטאַסמאַגאָרישע, וואָס איז פון דער וועלט פון די קינדער־לידער, קינדער־מעשׂהלעך און קינדער־דראַמעס, אין פּאַסיקער פּראָפּאָרץ, אַריבער אין די משלים.

אָבער די דראַמעס, וואָס האָבן אַנטהאַלטן זיבן בענד, זענען געבליבן אין כּתב־יד, און אליעזר פרענקל רעכנט אויס, וואָס עס האָט זיך דערהאַלטן. אָבער מיר האָבן זיי לײַדער נישט געקאָנט לייענען, און ווער ווייסט, ווען און אויב מיר וועלן זיי לייענען, און דאָס וואָס איז יאָ פּובליקירט געוואָרן, ווי אַ שטייגער „די גליקלעכע״ איז מלא חן און כּוח המדמה, אָבער עס איז גרײַלעך נישט אַ גאָר גליקלעכע דוגמה פון דעם זשאַנער זײַנעם. זענען מיר צופרידן, גליקלעכער צו זײַן לגבי די משלים, וואָס מיר האָבן פאַר זיך אין צוויי גרויסע בענד, און וואָס זענען פון די נכסי־צאן־ברזל פון אונדזער ליטע־טור און אַ קוואַל פון דערהויבענער הנאה און התפּעלות פון די הערערס, לייענערס און קריטיקערס. מיר האָבן די הערערס און לייענערס מקדים געווען די קריטיקערס, ווײַל וואָס די ערשטע האָבן תּוך כּדי שמיעה וקריאה געכאַפּט, האָבן די קריטיקערס, חוץ די וואָס האָבן דעם מאַשל נענטער געקענט, ערשט בהדרגה תּופס געווען. אמת, די הערערס, די וואָס האָבן די משלים געהערט פון הערץ גראָסבאַרדס מויל, נאָך איידער זיי זענען אַרויס פון דרוק, האָבן זיי געקריגן אין אַ הויכוווערטיקער אינטערפּרעטאַציע, אָבער דאָס וואָס עס דערציילט אסתּר עליאַשעוו וועגן דער שלושים־הזכּרה אין קאָוונע, דהײַנו אַז איר, און מסתּמא אויך דעם איבריקן עולם, איז נישט לײַכט אָנגעקומען צו באַשליסן, ווער איז פאַר זיי געווען מער בײַ דעם אָוונט — צי שטיינבאַרג, צי גראָסבאַרד, ווײַזט אויך אָן אויף אַ סכּנה, וואָס שטעקט אין דעם פיקסירן פון בלויז אָראַלער אינטערפּרעטאַציע. און ווי גרויס עס זאָל נישט זײַן די טובה וואָס גראָס־באַרד אָדער לייבל לעווין האָבן געטאָן פאַרן שטיינבאַרגישן משל, זײַענדיק זײַנע העראָלדן, נאָך איידער ער האָט דערלעבט דעם אור הדפוס, איז אָבער דער אור־הדפוס פאַר שטיינבאַרגן און פאַר זײַן משל געווען די גרעסטע טובה, שאינה דומה קריאה לשמיעה. וואָס שייך ווײַטער די קריטיק, לוינט זיך, כאָטש בקיצור, מרמז צו זײַן אויף די עליה־שטאַפּלען פון איר וואַקסנדיקער פאַרשטענדעניש. שמואל ניגער, וואָס האָט זיך אָנטציקט הערנדיק די משלים פון מאַשלס מויל, איז תּחילת בעיקר מיטגעריסן געוואָרן מיט דער שפּראַך־עשירות, אָבער אין די אָפּשאַצן זײַנע, צום ערשטן און צענטן יאָרצײַט, הערן מיר מכּוח דער

מאָדערניזאַציע און רעוואָלוציאָניזאַציע פונעם משל, מכוח דעם פּאַרבײַט פון מסורהדיקע אמתן אויפן גײַסט פון דער מאָדערנע; מכוח דעם חידוש וואָס לאָזט דעם משל מורד זײַן אין זיך אַליין. ה. לייוויק ווײַטער רעדט איבער צוויי מְשלים, וואָס מיר פאַרמאָגן, שטיינבאַרג און נחום יוד, האָט אָבער נישט בדעה צו מאַכן אַ פאַרגלײַך צווישן זיי, און אָפּשאַצנדיק שטיינבאַרגס משלים, שטרײַכט ער אונטער זייער טיפקייט, שאַרפזין, טיפּישע יידישקייט, אידיאָמאַטישע רײַכ־קייט, פאַרביקייט און קלוגשאַפט, און באַדויערט, וואָס די משלים, וועלכע זענען אַ ווונדערלעכער ליין־און לערן־שטאָף פאַר קינדער פון העכערן עלטער, זענען נישט געגנוג פאַרטראַטן אין כרעסטאָמאַטיעס, אָבער ביי דעם אַלעמען ווייעט עפּעס אַ רעזערוואַציע־ווינטל, און ווען יעקב באָטאָשאַנסקי האָט געשריבן, אַז שטיינבאַרג איז איינער פון אונדזערע גרעסטע שרײַבערס, איז לייוויק מיט אים געווען מחולק, ערשט שפּעטער האָט ער זיך רעווידירט און אים געזאָגט, אַז שטיינבאַרגן קומט אַן אָרט לעבן מענדעלען, שלום־עליכמען און דעם נסתר. און אויך יהושע ראַפּאָפּאָרט, וואָס איז נישט סקאָרע אויף אַ שבח און וועגט אים אויפן לויט, זעט אין די משלים אַ פאַרמעסט מיט לאַפאָנטענען און קרילאָוון, און כאָטש ער רעזערווירט זיך מיטן וואָרט: אַמאָל, האָט ער געטראָפן אין פינטל. נישט וויניקער האָט עס געטראָפן משה גראָס־צימערמאַן, וואָס זעט אין די משלים אַ בולטן משל, ווי אַזוי אַ היימישלעכער נוסח ווערט אוניווערסאַל. אָבער אין תוך געגומען איז אַנדערע קריטיקערס פאַרויסגעלאָפן דער אָפּשאַץ פון די נאָענטסטע — פון שטערנבערג, אַלטמאַן, ביקל, גינינגער און בדרך כלל זענען די אַנדערע קריטיקערס, ווער פריִער, ווער שפּעטער, דערגאַנגען כמעט צו דעמזעלבן פּסק־דין. אָבער אויף וויפל דער שטאַפּל־גאַנג פון דער קריטיק זאָל נישט וויכטיק זײַן, איז זי, די קריטיק גופא, אַ פאַרשפּעטיקטער שטאַפּל לגבי שטיינבאַרגן, ווי עס גייט דאָס משל: אַז דער חזן פאַרזוימט די הויכע שמונה־עשרה פאַרזוימט קהל די ברוך־הוא־וברוך־שמו׳ס און די אָמנ׳ס. און דער נמשל איז טאַקע שטיינבאַרג — ווען מען האָט שוין לאַנג באַדאַרפט צו שרײַבן רע־צענזיעס, האָט מען קוים־קוים געשריבן כראָניק, ווען מען האָט שוין לאַנג באַדאַרפט צו שרײַבן מאמרים, האָט מען ערשט געשריבן רעצענזיעס, ווען מען האָט שוין לאַנג באַדאַרפט צו שרײַבן פאַרשערישע מאָנאָגראַפיעס, האָט מען נאָך אַלץ געשריבן אַקטואַל־קריטישע מעמואַר־אימפּרעסיאָניסטישע עסייען. יאָ, די ספּעציאַל־פאָרשונג פון שטיינבאַרגס משלים האָט זיך אַפילו פּרי אָנגעהויבן, אַ יאָר נאָכן מַשלס פּטירה — אַזוי האָט זיך דעמאָלט הערש סעגאַל, אין אַ קליינער שטודיע, אָפּגעשטעלט איבער דעם אופן פון אונדזער מַשל צו באַנוצן אַלץ און אַלעמען ווי אַ קונסט־אָביעקט, אויפן דרך פון אַ מאַקסימאַלער דעמאָ־קראַטיזאַציע, און האָט עס באַוויזן לגבי עטלעכע אָנאָמאַטאָפּעיעס, וואָס גיבן איבער נישט בלויז די קולות פון מְדַבֵּר, חי, צומח און דומם, נאָר דורך די קולות, אויך די שטימונגען זייערע, און ווי אַ וואָרט וואָס איז לויטן זײַן כלל

נישט מכוון צו זײַן אַן אָנאָמאַטאָפּעיע, ווערט עס צוליב זײַן קלאַנג, און ווי דער פֿאַרבײַט פֿון אַן אײנציק אות, פֿאַרבינדט אַמאָל, שטיפֿעריש ערנצט, קול און זין: צעדווקעט [=צעהאַווקעט]. אַזוי האָט חיים גינינגער זיך אָפּגעגעבן מיט די מקורות פֿון אליעזר שטיינבאַרגס שאַפֿן און זיך אָפּגעשטעלט איבער אינטערעסאַנטע פּאַראַלעלן צווישן מענדעלען און שטיינבאַרגן און אויך צוגע־זאָגט ווייטערע פּרקים, איבער אַנדערע מקורות, סײַ נעענטערע (שלום־עליכם, פּרץ) סײַ ווײַטערע (תנ״ך, חז״ל, עוואַנגעליע). אויך ש. ניגער האָט געמאַכט אַ קליינע התחלה — אַ פֿאַרגלײַך פֿון כמעט דעמזעלבן מאָטיוו בײַ שלמה עטינגערן („דער אינדיק״) און שטיינבאַרגן („בײַ ר׳ טודרוסל אין הויף״), און עס לאָזט זיך עפּעס צוגעבן צו זײַנע מסקנות. בקיצור, מען קען די דאָזיקע און ענלעכע פּרווון דערפֿירן ביז איצט — זע, אַ שטייגער, מרדכי שעכטערס רשימה פֿון שטיינבאַרגס דימינוטיוון וכדומה, אָבער בסך־הכּל מוז מען זאָגן, אַז בשעת אַ ליטעראַריש־קריטישער און עסעיִסטישער צוגאַנג צו שטיינבאַרגן איז שוין אַ שיין צוגעפֿילנעוועט שטיק ישוב, איז אָבער דער וויסנשאַפֿטלעכער צוגאַנג נאָך רובו מדבר, מיט גאָר קליינינקע אָאַזעלעך, אַזוי אַז ס׳פּאַסט זיך דאָ דער משל פֿון יענעם וואָגלער, וואָס האָט לאַנגע ברענענדיקע טעג און אײַזיקע נעכט אַרומגענישטערט אין דער וויסטעניש און אַז ער האָט געפֿונען אַ טײַערן חפֿץ, האָט ער אים אויפֿגעהויבן און געזאָגט: ביסט טאַקע שיין און פֿײַן, אָבער צו ווינציק און צו קליין. און באמת, די פֿאָרשערישע אַרבעטן זענען נישט מער ווי ראשי פּרקים, און דער המשך־יבֹוא, מיט אַ גרעסערן פֿאַרנעם און ברייטערן באַנעם, לאָזט נאָך אַלץ אויף זיך וואַרטן.

הייסט עס, אַז די מקורות פֿון שטיינבאַרגס משל און דאָס מקורדיקע אין זײַן דרך אויפֿצובויען דעם משל — דאַרפֿן, ווי אַ טויער צו ספּעציעלע גאָר פּרטימדיקע שטודיעס, פֿאַרנעמען דעם אויבן־אָן פֿון אַ פֿאָרשערישן שטיינבאַרג־אינטערעס.

ט

וואָס שייך די מקורות פֿון משל און מַשלים — שטיינבאַרג איז לויט זײַן טבע און מנהג, געווען אַן אייביקער לערנער, וואָס האָט שטענדיק אויסגעבריי־טערט די באַזע פֿון זײַן וויסן און זי פֿאַרטיפֿט דורכן דערגרונטעווען זיך צו אירע יסודות. דער אַלטער און דער נײַער משל, אין דער ליטעראַטור, באַזונדערס אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט אים געמוזט אינטערעסירן און עס פֿרעגט זיך, וואָס ער האָט דערפֿון געוווּסט. אַוודאי מעג מען זיך, אין כּלל־שטריך סומך זײַן אויף אַלטמאַנען — ווי ער איז מעיד אין אַ בריוו צו אליעזר פּרענקל, — און עס באַדאַרף נישט קיין איבעריקע ראיות, אַז ער האָט געקענט ר׳ ברכיה הנקדנ׳ס משלים, עס פֿרעגט זיך אָבער, צי זענען צו אים דערגאַנגען די יידיש־נוסחאות, און עס איז אַ שטיק חידוש צו הערן, ער זאָל נישט האָבן געקענט

עלטערע געזעמלען, ווי אַ שטייגער משה וואַליכס משלים־געזעמל, און נישט בלויז ווײַל דאָס בוך (1697) איז אַרויס אין אַ פּאָטאָסטאַט (1926), נאָר ווײַל ער האָט געמוזט דאַריבער וויסן סײַ פריִער און בקיצור פון אליעזר שולמאַנס געשיכטע (1913) סײַ שפּעטער און מער באריכות פון עריקס געשיכטע (1928), און וואָס דער עיקר איז, דאָס עס האָט געמוזט אָנרעגן זײַן אינטערעס אין געשיכטלעכן גאַנג פון יידישן משל, וואָס האָט אין זײַן עלטערער תקופה די לרוב אויסגעליִענע מאָטיוון רעאַליסטיש, שטייגעריש און אידיאָמאַטיש פאַר־היימישט און פאַריידישט, און דאָס איז חל נישט בלויז אויף דרויסנדיקע, בעיקר דײַטשישע, נאָר אויך אויף אינווייניקסטע, בעיקר העברעיִשע מקורים. שטיינבאַרג, וואָס גייט אַם קאָנסעקוועטסטן און אַם ראַפינירטסטן אויף דעם וועג, און איז איר לעצטער, שלימותדיקסטער גלגול, וואָס פאַראייניקט אין זיך אַ גרויסע שפע פון ירושה און אַ נאָך גרעסערע שפע פון אָריגינאַליטעט, האָט די ירושה געמוזט לײַטיש דורכאָקערן. און וואָס מיר זענען משער לגבי דעם עלטערן משל, ווייסן מיר לגבי דעם מאָדערנעם משל. אָבער עס פרעגט זיך, ווען איז צו אים דער־גאַנגען שלמה עטינגער, צי אין די ערשטע צוויי אויסגאַבן (1889, 1890), צי אין אַ שפּעטערער (1920) אָדער ערשט אין ווײַנרײַכס עדיציע (1925); די זעלבע קשיא פרעגט זיך לגבי גאָטלאָבערס משלים, וואָס האָבן אים געקאָנט שפּעט דערגרייכן (1925), אָדער ר׳ מרדכלעס משלים, וואָס ער האָט אַוודאי געלייענט תּמידים כסדרם, לא כּל שכן ווען זיי זענען אַרויס, געזאַמלט (1919). די דרײַ זענען דאָך נישט בלויז פּעיִקע, נאָר צומאָל געניאַלע פאַריידישער פון משלים — דער ערשטער פון קלאַסישן דײַטשישן און פוילישן משל, די איבעריקע צוויי, בעיקר דער לעצטער, פון רוסישן, קרילאָווישן.

צו דעם געקליבענעם רײַסטער געהערן אויך די „פאַבלען" (1912) פון יהואשן, וואָס האָט, לעבן זײַנע אָריגינאַלע משלים, באַאַרבעט חז״ל, עזאָפּ, לאָקמאַן, לאַפאָנטען, לעסינג און אַנדערע, און מיר וואָלטן נאָך, און אַפילו מיט אַ דגש, צוגערעכנט מ. ריוועסמאַנס „דעם זיידנס משלים", פרײַ און גאַנץ יידישלעך באַאַרבעט נאָך קרילאָוו (1908), און אפשר אויך פסח קאַפּלאַנס „קרילאָווס משלים" (ערשטע אויסגאַב 1917). פּראָבלעמאַטישער איז דער ענין פון מ. מ. דאַליצקיס משלים, וואָס וואָלטן אַנטהאַלטן עטלעכע בענד, אָבער עס פרעגט זיך, צי און אויף וויפל די אַמעריקאַנער יידישע טאָג־פּרעסע איז קיין בעסאַראַביע בכלל, און צו שטיינבאַרגן בפרט, דערגאַנגען; פּונקט ווי עס פרעגט זיך לגבי דעם ייִנגערן, מאָדערנערן און ראַפינירטערן נחום יוד, אָבער דער לעצטער האָט דאָך אַ טייל פון זײַנע פאַבלען אַרײַנגענומען אין בוך־טאָוולען (1919). אגב, האָט נחום יוד, מיט יאָרן שפּעטער, אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן יידישער פאַבל־דיכטונג (1948) פון אירע אָנהייבן ביז כּמעט דעם לעצטן דור; כּמעט — ווײַל ער מײַדט אויס צו רעדן איבער דער מאָדערנער אַנטוויקלונג פונעם משל, וואָס וואָלט באַדאַרפט צו שטיין אויף אַ העכערער מדרגה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאָלק

מיט אַזאַ אַלטער משל־מסורה, ער מײַדט אויך אויס צו רעדן וועגן די ממשלים, ווײַל ער איז אויך בכלל, און אַזוי דערמאָנט ער נישט דעם נאָמען שטיינבאַרג, וואָס איז שוין דעמאָלט זעכצן יאָר נישט געווען מער צווישן די לעבעדיקע.

פון די און אַנדערע ממשלים האָט שטיינבאַרג געקאָנט אַ סך לערנען און אַפילו אָפּלערנען, און ער האָט עס מסתמא אויך געטאָן, פּונקט ווי ער האָט עס געקאָנט טאָן און מסתמא געטאָן, אַריינקוקנדיק אין יל״ג, דעם אָריגינאַלן און ברילײַאַנטן פאַרהעברעיִשער פון אַ גרויסער צאָל לאַפאָנטענישע און אַ קלענערער צאָל קרילאָווישע משלים, און אויך אין „בעיר וביער״ פון זײַן אייגענעם באַליבטן פעטער, יהודה שטיינבערג. אָבער אויב לשון־קודש, דערמאָנט מען די השפעה פון דובנער מגיד — שטיינבאַרג האָט זיך געגרייט זײַנע אַלע משלים צו באַאַרבעטן, און אַ פּאָר פון זיי האָט ער אויך באַאַרבעט. י. י. סיגאַל דערמאָנט נאָך דעם באַרדיטשעווער און דעם בראַצלאַווער; בנוגע דעם לעצטן לאָזט זיך אפשר רעדן וועגן אַ השפעה פון די סיפורי מעשיות אויף די מעשׂהלעך; בנוגע דעם ערשטן, איז ער, ווי דערמאָנט, אַ סוזשעט פון אַ קינדער־דראַמע, אָבער אַ הנחה פון אַ ממשותדיקער השפעה (פון „קדושת לוי״ אָדער די צווייי־דרײַ מעגלעך נישט אויטענטישע, רעטשיטאַטיוון) איז אפשר נישט מער ווי אַן אײַנפאַל.

דאָס אַלץ איז וויכטיק פאַר זיך, אָבער אויך מחמת דעם, וואָס אַ גרויסער שאַפער איז אויך אַ גרויסער אַקומולאַטאָר פון דעם תמציתדיקסטן און וויטאַלסטן פון זײַנע פירגייערס וואָס זענען צו אים דערגאַנגען בכתב ובעל־פּה. ער קאָנדענסירט עס אין זיך און פאַרוועבט אין זײַן אייגענעם, אָריגינאַלן באַשאַף, און דערהויפּט ער די אינטעגרירטע לעבעדיקע ירושה פון זײַנע פירגייערס; פּונקט דערהויבנדיק זיך אַליין צו אַ נײַער, ביז איצט נישט דערגרייכטער הויך, ווי זײַן דערגרייך דערהויבט אויך זײַנע מיטצײַטלערס און נאָכקומערס. דער נײַער הויכפּונקט לאָזט זיי שוין נישט אַראָפּ פון אַ העכערן כלל־ניוואָ פון שאַפעריִשע מעגלעכקייטן.

ווי ווײַט שטיינבאַרגס טעמאַטישע חידושים, שפּראַכלעכע באַזונדערקייטן, קינסטלערישע ניטן און פינעסן זענען פון זײַן רשות־היחיד, ווי אַ מין בשותּפותדיקע ירושה, אַריבערגעוואַנדערט אין רשות־היחידים, זעט זיך אַפיר, אַפילו ביי אַן אגבדיקן פאַרגלײַך פון דעם משל, וואָס האָט זיך אויסגעצײַטיקט, נאָכדעם ווי שטיינבאַרג איז אַרײַן אין אַ ברייטערן רשות־הרבים; און בײַ אַ פלייסיקן איבערקוק וועט עס פּרטימדיקער ניכר ווערן, אָנגעהויבן בײַם פּראָדוקטיווסטן און היינט בעסטן ממשל אונדזערן, לייב אַליצקי — וואָס האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע בענד משלים, דערונטער אויך אַן איבערזעץ פון קרילאָוון, מיט אַ נאָכוואָרט איבערן מהות און געשיכטע פון משל, ווי אויך אַן אַנטאָלאָגיע פון יידישן משל, און פאַרענדיקט מיט די יינגערע ממשלים ביז די וואָס האָבן אַרויסגעגעבן פײַנע משלים־ביכער — ווי משה שולשטיין און י. מאַניק־

לעדערמאַן — נאָר אויך די, וואָס דער משל איז ביי זיי אַ זײַטיקערער זשאַנער ווי, אַ שטייגער, ריקודה פּאַטאַש און אַנדערע. דער דורכקוק וועט אויך נישט קענען איבערהיפּערן דעם העברעישן משל. אָהער געהערן די משלים פון בר־אבא (עזרא פליישער) און פון דעם בעסטן שטיינבאַרג־איבערזעצער, נתן אַלטערמאַן.

י

אָבער דאָס שפּילט שוין אַרײַן אין קאָפּלעקס פון שטיינבאַרגס מקורדיקייט און עס איז אַ פילפּנימדיקער קאָמפּלעקס, און נאָר אַ סיסטעמאַטישער אַנאַליז קען זיך מיט אים דערפּאָרען. אויב זיך באַנוגענען מיט אַ בינטל קשיות, פרעגט זיך אַ שטייגער: וואָס פאַראַ מאָטיוון האָט ער איבערגענומען און וואָס אַ פּנים האָבן זיי געקריגן ביי אים; וואָס פאַראַ מאָטיוון האָט ער מחדש געווען, ווער זענען עס די נפשות פון זײַן משל, — וואָס האָט ער איבערגענומען פון דעם פריערדיקן פערסאָנאַזש און וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער געקריגן ביי אים, און וואָס פאַר אַ פערסאָנאַזש האָט ער מחדש געווען; ווי אַזוי טיילן זיך אויס די פאַרשוינען: דער מְדַבֵּר — אַ שלל פון טיפן און כאַראַקטערן, מידות און פּראָ־פעסיעס, דיפערענצירט ביז גאָר, סײַ אין געשטאַלט פון דעם גאַנצן פאַרשוין, סײַ בלויז אין געשטאַלט פון אַן אֵבר, וואָס ווערט אויך אַ פאַרשוין פאַר זיך; די בעלי־חיים — חיה, בהמה, עוף און שרץ — וואָס דער משל מאַכט זיי אויך פאַר אַ מְדַבֵּר, ווי ער מאַכט דעם דומם, — די יסודות און דערשײַנונגען פון דער טבע, סײַ סאָרט באַרג און טאָל, סײַ סאָרט טײַך און וואָלקן; די כלים — סײַ סאָרט דאַך און טיש, סײַ סאָרט לאָמטערן און לאָמפּ; די אינסטרומענטן — סײַ סאָרט זעג און חלף, סײַ סאָרט פידל און פויק; מלבושים — סײַ סאָרט שטיוול און שקאַרפּעטקע, סײַ סאָרט קנעפּל און שנירל; פּונקט ווי ער מאַכט פאַר אַ מְדַבֵּר אַ רעיון, אַ הוריות, אַן אות, אַ דגש, אַ נקודה, — און, בעצם, וואָס נישט, — און אַ יעדער און אַ יעדעס רעדט כדרך הטבע, כדרך זײַן אייגענע טבע, ווײַל דער מַמשל, וואָס ווייסט צונויפצופּאָרן אינטויציע און דורכגע־טראַכטקייט, האָט די כל מיני דיבורים זייערע טיפּיזירט, אינדיווידואַליזירט און אַפילו קאַפּריזירט, און כאָטש דער דיבור איז אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם כמעט תמיד דינאַמישן סיפור־המעשה, שפּראָצט ער פון אים אַרויס מיט אַ ספּאָנטאַנער רירעוודיקייט, און עס פאָדערט זיך אַ גאָר דעטאַליזירטער אַנאַליז, כדי אונטערצושיידן צווישן דער באַזונדערער לעקסיק פון דער דעסקריפּציע און דער באַזונדער לעקסיק פון דעם דיאַלאָג. וואָס שייך דער לעקסיק בכלל, איז עס אַ מאָזאַיִק, ווו די שטיינדלעך קומען פון די ווײַטסטע און נאָנטסטע מקורות, וואָס ווילן אויך אויסגעפאָרשט און קלאַסיפיצירט ווערן, און דאָס איז אפשר נישט קיין לײַכטע אָבער דערפאַר אַ גאָר אינטערעסאַנטע מלאכה, — אַזוי, אַ שטייגער, פאַרדינען אַ באַזונדערן אויפמערק ווערטער,

וואָס האָבן לאַנג פאַרגעסן זייער אָפּשטאַם און האָבן זיך פאַראַלגעמיינערט און קערן זיך איצט אום אין זייער ערשטער היים; אָדער ווערטלעך וואָס זענען שוין געוואָרן דורך משל און קערן זיך איצט אום צו זייער ערשטער קאָנקרעטקייט. פאַרשטייט זיך, אַז עס פאָדערט זיך אַ גרונטיקע חקירה פונעם סינטאַקס זייַנעם, ווו ער דערלויבט זיך כלערליי אָפּנויגן, אָבער בויט זיי אַרײַן אין דעם דערציילערישן אָדער שמועסערישן גאַנג, אַז כאָטש זיי ווײַזן זיך תחילת אויס ווי משונהדיקע אורחים, ווערן זיי תוך כדי דיבור די לעגאַלסטע בעלי־בתים.

ענלעכס לאָזט זיך זאָגן מכוח אַלע, אָדער כמעט אַלע איבריקע עלעמענטן און קאָמפּאָנענטן פונעם משל־אויפבוי. אַזוי איז אַ סוגיה פאַר זיך דער גראַם זײַנער, וואָס האָט ביי אים געקריגן אַ חנוודיקע בויגיקייט, בעיקר אין זײַן קאָמבינירטער פאָרעם, אָבער זי — און דאָס איז דאָס סימפּאַטישע דערבײַ — שטאַרצט נישט אָפּיר מיט איר אויסטערלישקייט, זי שרײַט נישט, ווי געוויינלעך עס טוען חידושים: עולם, קוקטס און גאַפּטס, נאָר זי גלידערט זיך שטיל און רויִק איַין, און די היימישע סביבה פון איר שורה און אירע שכנות פון פאָרנט און פון אונטן פאַרהעלפן איר דערצו. אָבער כאָטש דער חידוש ווײַזט זיך אויס ווי אַ וואָכנגאַנג, טוט ער פאָרט אַ צופּ מיט זײַן שמייכלדיקער פרישקייט. כנהוג, איז אויך דאָ דער גראַם דער מקום־מקלט פאַר דעם דיאַלעקטישן, אָבער אויך דאָ גייט עס צו ווי כדרך אגב, בפרט אַז דער קאָמבינירטער גראַם פאַרטושט עס נאָך אַביסל — על כל פנים איז עס ווי אַן אונטערשרײַך פון דער שייכות צו דרום־יידיש בכלל, און צו בעסאַראַבער יידיש בפרט. אָבער אויך דאָ שוויבלט עס נישט, עס איז נוסח די לחכימא ברמיזא, ווײַל בדרך כלל האַלט זיך אונדזער ממשל אין דרך־כלל־יידיש, ווי עס האָט זיך אויסגעפורעמט אין אונדזער קלאַסיק, און ווער עס וועט וועלן אַרויסבאַקומען דאָס בעסאַראַבישע אין די משלים, וועט אים דאָס גאָר נישט לײַכט אָנקומען.

אַ גאָר קאָמפּליצירטן וואַרשטאַט האָבן מיר אין פּראָזאָדישן אָפּשפּיגל פונעם ממשלס באַלאַנסירן צווישן די משל־יסודות: דעם עפּישן — דער סיפּור מעשה, דעם דראַמאַטישן — די רעפּליקעס פון די נפשות, דעם דידאַקטישן — דער מוסר השׂכל ווו יעדער פאָדערט זיך זײַן לשון, און דער מחבר גיט אים אויך נאָך, אָבער ער שניצט אויס אַ רעמל, וואָס נעמט אַלץ אַרום און נעמט אַלץ אַרײַן, און דאָס רעמל איז נישט קיין זאַק אויפן פּוס און נישט קיין קאָרע אויפן בוים, נאָר אַ הויט אויפן לײַב און אַפילו דאָס לײַב אַליין. די עצם חכמה פון באַלאַנסירן געהער צו דער משל־קונסט, און איז בדרך כלל נישט שפּאָגל נײַ, אָבער בדרך־פּרט איז זי שפּיגל נײַ, בפרט אַז אונדזער ממשל איז, לויט אַ דעפיניציע, וואָס זאָל שטאַמען פון טודער אַרגעזי, אפשר דער איינציקער פון די גרויסע ממשלים, וואָס איז בעיקר אַ ליריקער, און האָט מיטן כוח פון דעם לירישן דאָס משל געמאַכט — אַ ליד.

ואחרון אחרון, די קשיה וועגן משנת רבי אליעזר — ווי אַזוי קוקט ער, דורך זײַן משל, אויף וועלט און לעבן, באַשאַף און מענטש; און וואָס דערציילט אונדז טאַקע דער משל דאַריבער. מעגלעך, אַז אינפאָרמאַציעס מחוץ דעם משל האָבן דאָ אויך אַ חשיבות, אָבער זיי זענען כולל זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין טיפערע שייכות מיט זײַן תוך, ווי ער האָט זיך מאַניפעסטירט אין משל. דאָס דאַרף טאַקע באַטאָנט ווערן, היות ווי דאָ און דאָרט האָבן עטלעכע אָפּשאַצערס זײַנע, אָנהענגנדיק אים זייערע אייגענע פּראָגראַמאַטישע עמבלעמען, אַ היפּש ביסל טריוויאַליזירט. מוז מען טאַקע בפירוש אָנטקעגנשטעלן די הנחה, אַז דער קוק פונעם משל איז בדרך כלל אַ פּעסימיסטישער, — און דאָס האָט לעצטנס יצחק באַשעוויס, רעדנדיק איבער אונדזער אונטערגעשטראָכן — און מיר וועלן צוגעבן: אַפילו ווען דער ממשל איז, לויט זײַן געמיט אָדער אידעאָלאָגיע, ווי אַ שטייגער אין אונדזער משׂכּילישן משל, אַן אָפּטימיסט, לא כל שכן ווען ער איז, סײַ לויט זײַן געמיט, סײַ לויט זײַן נסיון, אַ פּעסימיסט ווי עס איז עס שטיינבאַרג. איז טאַקע שלמה ביקל גערעכט, וואָס האָט דאָס עטלעכע מאָל אָפּירגעהויבן — דער מענטש האָט, אין דער מלחמה קעגן דעם אכזריותדיקן גורל, די מערכה זײַנע אָפּריאָרי פאַרשפּילט, און דער איינציקער אָנשפּאַר און אויסוועג איז אין דער סאָציאַלער סאָלידאַריטעט. אַז דאָ איז פאַראַן אַפילו אַ שפּאַרע פאַר אַ גלויבן אין אַ דיאַלעקטישן אָדער מעכאַניסטישן פּראָצעס, וואָס ברענגט אַ ישועה — איז פּשוט אַ בבא־מעשׂה, און עס איז קאָמיש צו הערן, ווען מענטשן, וואָס זענען געווען נאָענט צו שטיינבאַרגן, זאָגן דאָס נאָך. זיי וואָלטן דאָך באַדאַרפט, בעסער פון אַנדערע, צו וויסן, אַז דער אויפֿטאַקט צו די משלים: „טרויריק, קינדער, אויף דער וועלט דער ברייטער, גראָמער! ביטער! מיט אַ משל כאָטש זיך קוויקן לאָמיר״, איז צו ערנצט געזאָגט, אַז מען זאָל די טרויריקייט און די ביטערקייט נישט אָננעמען פאַר גרונטיקע יסודות פון דעם נברא, און מיינען, אַז אַן אַנדער סדר־חברה, וועט ברענגען אַן אַנדערן סדר־עולם, און אַז אַ דרויסנדיקע תקנה הייסט אַן אינעווייניקסטער תיקון. עס קומט אונדז פיר, אַז דער מער קהלתדיקער שטיינבאַרג איז ענלעך צום מער איובדיקן ברענער, וועלכן מען האָט אויך געפּרוּווט טריוויאַליזירן — ביידנס פּעסימיזם האַלט די קרעאַטור פאַר צו אומגליקלעך, אַז מען זאָל דעם צער פון בין חי לטבעו נאָך פאַרגרעסערן דורכן צער פון בין חי לחברו, און פונדאַנעט דער אויפבראָיז קעגן עוולות און אכזריות, פונדאַנעט דער פּאָסטולאַט פון ליבשאַפט און רחמים לכל אשר נשמה באַפּו.

**דב סדן**

ירושלים, חשון תשכ״ט

# האַמער און אײַזן

העי, העי, העמערל! —
קומט צו מיר אין קעמערל!
איך וועל אײַך עפּעס ווײַזן —
אונטער שווערן האַמער קרעכצט און וויינט דאָס אײַזן.

## די פויסט

קלאַפּט דער האַמער, שלאָגט,
און דאָס אײַזן שרײַט געוואַלד, סע קלאָגט:
— גאָט מיט דיר! פאַרוואָס? פאַרוועז? איך בין דיר
דאָך אַ ברודער! ביידע מיר גאָטס קינדער!
אײַזן איך ווי דו — דאָס זעט אפילו דאָך אַ בלינדער!
— סאַראַ ברודער! (לאַכט דער האַמער) סאַראַ קינדער גאָטס?
איך בין פויסט און דו ליגסט אויפן קלאָץ!

## דער האַמער און דאָס שטיק אײַזן

טרויריק, קינדער, אויף דער וועלט דער ברייטער, גראָמער!
ביטער! מיט אַ משל כאָטש זיך קוויקן לאָמיר.
ס'האָט דער קאָפּ דער אײַזערנער, דער שטאַרקער האַמער,
וואָס בײַם קאָוואַל יוחנצע אין קאַמער,
זיך גענומען קלאַפּן דאָס שטיק אײַזן,
על פּי חקירה אים דערווײַזן,
אַז מע דאַרף זײַן קלוג, געדולדיק,
און ניט זאָגן קיינעם: דו ביסט שולדיק!
— ווייס:
ביסט אומזיסט נאַר, זאָגט ער, אויף מיר בייז.
נאַריש איז דײַן שעלטן, לעפּיש איז דײַן שרײַען.
אדרבא, זאָג:
איך בין שולדיק, וואָס איך שלאָג?
וואָס בין איך דען? מער ווי אַ כּלי־זיין
אין דעם קאָוואַלס הענט?
און דער קאָוואַל — מיינסטו, ס'איז אין אים געווענדט?
האָסט אַ טעות, בנאמנות!
פּונקט קאַפּויר! אויף אים אַ גאָטס רחמנות!
ער איז נעבעך מיד, דערשלאָגן,
ס'וויל זיך אים גאָר רו'ן.
נאָר אַ ברירה? נו, וואָס זאָל ער נעבעך טון?
זעסט, אינדרויסן שטייט אַ קראַנקער וואָגן,
אויסגעבויגן אויפן לינקן אַקסל,
מוז דער קאָוואַל שמידן, אַז די אַקס זאָל
זײַן געזונט און שטאַרק —
עפּעס דאָרט געשען מיט איר אַראָפּן באַרג.
אַבער אויבעט אויף דעם וואָגן
זאָלסטו זיך ניט קלאָגן.

ר׳מוז כסדר
דריי׳ן די רעדער:
ס׳שלעפן אים די פערד, וווהין זיי יאָגן.
און די פערד — אוי, זײַ אויף זיי ניט ברוגז!
שלעפן איז זיי אויך ניט ניחא, נאָר וואָס טויג עס?
ס׳טרײַבט די בײַטש... די בײַטש!... און זי אַליין?
אויך ניט שולדיק, ניין!
ס׳איז אַ מעשה אָן אַן עק... פאַרשטיי נאָר גוט דעם רעיון
און הער־אויף צו שעלטן, שרײַען,
ווײַל פאַרשטייען הייסט פאַרצײַען...
— קֵין!
(שרײַט דאָס אײַזן און מיט פײַער שיט עס)
נײַע האַמערס — נײַע שיטות!
הרגעט־שלאָגט, און איז אַ ברודער! עצות גיט ער!
שווײַגן, ווען אונטער די קלעפּ איך ציטער?
צווישן האַמער און קאָוואַדלע?! מוחל! מוחל דיר עס!
אוי, מײַן ווייטיק אָן אַ שיעור איז —
וויל איך שעלטן, וויל איך שרײַען אָן חקירות!

## דער חלף און די זעג

ס׳טרעפט אַמאָל זיך אויכעט,
אַז אַ שטעטל האָלץ צעזעגן מוז אַ שוחט.
איז געשען,
ס׳האָט דער חלף גראָד די זעג דערזען
און צעלאָזט די שאַרפע צונג.
— זע נאָר, זאָגט ער, יענעם גראָבן יונג!
שטשורעט מיט די ציין!... אַ פרייד אויף אים איז!
אפשר ווייסט איר וואָס? אומשטיינס־געזאָגט אַ צורה!
גאָלע פּגימות!
קריצן,
שפּיצן
גאָר אַ גאַנצע שורה!
טריפה דאָך פון קאָפּ ביז פיס!
און וואָס זאָגט איר אויף זײַן הולך? אויף די הילצערנע מלבושים?
הערט איר, אַז איך טו אַ קוק אויף דעם מגושם,
דאַנק איך ערשט זײַן ליבן נאָמען, וואָס ער מאַכט אי שיין אי מיאוס.
וויל איז מיר! מײַן חלק זיס!
ניט קיין פּיצל
קריצל
אויף מײַן כּשר קלינגל! ניט קיין שפּרענקעלע! קיין פּגימל!
איז אַ חידוש, וואָס דער פרומער רב אלקנה
נעמט מיך אין די הענט מיט הייליקייט, כּוונה,
מאַכט אַ ברכה, טוט אַ ווונק צום הימל?
— אמת, זאָגט די זעג בתּמימות (צי גאָר מיט אַ מיין?),
יאָ, איך זאָג אַליין:
רב אלקנה איבער מיר אַ ברכה?
שיינע זאַכן!
דאָס געווען וואָלט ממש נאָר צום לאַכן.

וואָס בין איך ? אַ פּראָסטער בעל־מלאכה.
ניט איך בלינצל, ניט איך פינקל,
שטיי מיר אין אַ טונקל ווינקל,
ווייס מײַן אָרט און בין בײַ זיך ניט חס ושלום שטאָלץ.
וואָס, איך קען דען מער ווי זעגן האָלץ ?
אָבער דו — אַ קלייניקייט ! — שנײַדסט־איבער דאָך אַ האַלדז !

*

קומט דער מוסר־השׂכּל און שיט־צו אַביסל זאַלץ :
נאָך עד היום איז אַ זעג, אַ בעל־מלאכה,
גאָר אַ פלעק אין דער משפּחה,
און אַ שאַרפער חלף האָט הצלחה —
אי ער קוילעט, אי מע מאַכט אויף אים אַ ברכה !

## שנאת־חנם

— האָרכסטו, יונה ?
מ׳דאַרף בײַצײַטנס זען אַ קונה.
די בהמה איז פּגירה.
מ׳שטיינס־געזאָגט, די מילעך אירע !
אָפּגעדוכנט איבער איר שוין באַלד אַ שעה, צום לעצט —
דאַנקן גאָט, דאָס מעלק־שעפל באַנעצט
(מעלקנדיק איר אַלטע קו, געזאָגט האָט חיה־ביילע).
— קלוגע !
ווער איז דען משוגע
אָפּצוקויפן דײַן נבלה ?
(ענטפערט איר רב יונה) סײַדן נאָר צום קלאָץ.
ווילסט, וועל איך אַ שמוס טון מיטן קצב זעליק קאָץ,
צי מיט שלמה־חיים יהושעס...
— שמועס ! — — —
דאָס דערהערט די כּשרע בהמה,
זי באַפאַלן מיטאַמאָל אַ פינצטערניש, אַן אימה.
— מאַמע מײַנע, רעוועט זי, ווּ ביסטו ? מוטער מײַנע, מי זיך !
זע, דער חלף אויפן האַלדז ! איך צי זיך אויס, איך צי זיך !
— שאַ, מײַן שכנה !
(זאָגט צו איר דער הונט רב נאַטקע)
ביסט שוין טאַקע גאָר אַ זקנה,
צײַט שוין, כ׳לעבן, אין דער יאַטקע.
כ׳קום אַהין אָפּט שמעקן,
מיגלעך, איך וועל אויך אַ ביינדעלע אָפּלעקן...
— שטום ! דו כּלב שבּכּלבים, דו !
(מיט די לעצטע כּוחות יעכצט די קו)
דו, הונט, אויכעט ? מילא,
אַז רב יונה און זײַן ביילע

גיבן־איבער מיך צום קצב, דעם רוצח —
ניט קיין חידוש... דאָס פֿאַרשטיי איך...
ס׳קומט מיר... איך געדענק, מײַן מאַמע, זאָל זיך מזיען,
פֿלעג מיר זאָגן, ווען מע פֿלעג זי בײַ דער אײַטער ציען:
טאָכטער, מעלקן איז אַן אלף,
תּו — וועט זײַן דער חלף!
איז גערעכט רב יונה... יאָ, נו, וויל איך,
זאָג איך, דאָס איז פֿאַר מײַן מילעך:
אַלע יאָרן מיך געמאָלקן, איצטער פֿירט ער צו דער שחיטה.
אָבער דו, אַ פֿרעמדער כּלב, אויך צו מיר אַ שליטה?
הערט, איר זאָלט געזונט זײַן, הערט!
מיט מײַן מילך אים ניט גענערט,
ניט געווען קיין פֿרײַנד אים, ניט איך בין אים,
און אַ שונא?! גאָט, באַהיט פֿון שנאת־חנם!

## דער וועלט־אונטערגאַנג

איינמאָל איז רב כּלבן שטאָט אָנבײַסן אַ שטעקן גאָר באַשערט.
נו, איז וואָס? מסתּם דער הונט דעם שטעקן ווערט.
ניט פֿאַר איצט, איז פֿאַר אַמאָל.
נאָר אַ הונט, וואָס לעבט פֿון כאַפּקע־לאַפּקע, ניט פֿון קצבֿה,
נײַע זינד ער שרײַבט־אָן פֿאַר אַ מצווה,
הײַנט פֿאַר אַלטע גיי באַצאָל!?
וויל רב כּלבֿ פֿון די קלעפּ ניט וויסן,
און געוואַלדעוועט, אַזש וועלטן אײַנגעריסן.
— סלופּ, וואָס שטייסטו? (רופֿט צום שכנס הונט ער)
וויי, וואָס שווײַגט מען, וואָס? סע גייט די וועלט דאָך אונטער!
אַלצדינג, אַלץ!
און אַיעדער נאָר פֿאַר זיך, פֿאַר זײַן געשמדטן האַלדז!
יעדער היט זײַן בערגל מיסט, צי לעקט אַ ביין אין קיך ער!
גוואַלד! שוין קיינער מיטן לעבן הײַנט ניט זיכער!
קיינער, ווער סע גלייבט אין גאָט און פֿירט זיך ערלעך!
אַז אַרויסצוגיין אין גאַס שוין הײַנט געפֿערלעך!
ווער לא תגנובֿ? וואָס לא תרצח?
הפקר! אָן אַ גאָט די וועלט שוין פֿירט זיך!
אַז מע גלייבט אין גאָט ניט!... אפּיקורסים און גנבֿים!...
וויי! די וועלט שטייט־אײַן בײַ די קצבֿים!
בײַ די בײַכיקע קצבֿים מיט די העק!
שוין! אַ סוף! אַן עק!
אַז ניט הײַנט, איז מאָרגן קערט די וועלט זיך איבער!
הינט, וואָס שווײַגט איר? האַוקעט! האַוקעט! הויך! בציבור!
אפשר? אולי? גאָט אַ פּאָטער!...

— אי־או! רופט זיך אָפּ דער שוואַרצער קאָטער וואַרגל־ווערגל
(אין אַ בייז גרין־פּײַער־שפּײַענדיקן בערגל
אײַנגעהויקערט־אײַנגעבויגן,
קוקט דעם הונט ער סטערדיש אין די אויגן).
הער נאַר! וואָס אַזוי צעשריגן זיך, רב קרוב?
מאַלע אַז אַ כּלב כאַפּט אַ שטעקן, ווערט די וועלט שוין חרוב?!

## דאָס פערד און די בײַטש

— אוי, סע זאָל שוין קומען אַ מפּלה
אויף רב פּײַטל בעל־עגלה,
דײַן באַלבאָס דעם שיינעם,
און אויף דיר מיט אים אינײנעם!
(צו דער בײַטש
זאָגט דאָס פערד)
סטײַטש?
זיך אַזוינס געהערט?
זאָג, וואָס קומט דאָס מיך אומזיסט צו שלאָגן?
מיינסט, מיר גרינג צו שלעפּן אָט דעם וואָגן?
נו, און דאָס פאַרגעסן, אַז צום אַלעם ערשטן
מוז אין מויל איך נעמען כאָטש אַ גערשטן?
און פאַרוואָס ניט טאַקע האָבער?
אָבער —
גיי רעד צו אַ פּידזשעלע אַ גראָבער!
וואָלט דיך נאָר ווי מיך געשטאָכן,
וואָלסטו אויפגעהערט אַזוי צו פּאָכן,
קאַטעווען און שינדן פּאַסן!
ווידער?... איך געוואַלד וועל שרײַען איבער אַלע גאַסן!
— שווײַג! (אַ קנאַק די בײַטש מיט שמײַסנדיקער צונג)
אמת, זאָגט זי, שלעפּן אַזאַ וואָגן,
און דערצו נאָך אויף אַ הונגעריקן מאָגן,
הייסט, נו יאָ, אַרויספּאָכן פון זיך די לונג;
נאָר דיך שלאָג איך —
הער, בסוד דיר זאָג איך! —
ניט דערפאַר, וואָס ווילסט ניט שלעפּן,
נאָר דיך קומט דערפאַר צו קעפּן,
וואָס, בהמה, ניט פאַרשטאַנען
און געלאָזט זיך שפּאַנען!

## דער קוש

יעדער האָט זיך זײַנע תּנועות און העוויות.
און רב ניסל שעיה׳ס,
דער גביר דער שיינער,
ער געהאַט אַ טבע: תּמיד נאָכן עסן
זיך בײַם טיש געזעסן
און געצמאָקעט ביינער.
צמאָקעט ער אַ ביין אַזוי און נאָגט,
און דער ביין דערפרייט זיך און ער זאָגט:
— טעלער, שיסל, גרויס און קליין!
זעט נאָר, ווער סע קושט מיך! דער באַלבאָס אַליין!
גלעזלעך דינע,
רוקט אײַך אָפּ, מחילה!
איר פאַר קנאה
קענט דאָך פּוקען נאָך, חלילה!
ווי ער צמאָקעט, לעקט מיך מיט די ליפּעלעך די רויטע!
— אײַ, דו שוטה,
(ענטפערט אים אַ שיסל)
וואַרט אַביסל,
ביז רב ניסל
וועט דעם מאַרעך דיר אויסנאָגן —
וואָס וועט איר, רב ביינישׁ, דעמאָלט זאָגן?

## די גאולה

ערלעד, זאָגט די וועלט, איז שווערלעד,
גנבענען — געפּערלעך !
נו, אַ וועלט !
שלעכט אַהערצו, שלעכט אַהינצו, שלעכט וווהין מע דרייט זי. —
לויפט דער וואָלף צום צדיק פונעם פעלד,
האַלטן זיך מיט אים אַן עצה.
ווער־זשע איז דער צדיק ? נו, ווער ווייסט ניט, אַז דער פוקס ?
מײַלן גייט און הערט פון אים אַ וואָרט אַ קלוגס !
אָמר צדיק — זאָגט דער צדיק, לאמור —
אָט אַזוי צו זאָגן : צייל־אָפּ דרײַצן ביימער,
טרעפסטו דאָרט אַ גרוב אַ טיפן —
אויסגעגראָבן אים דער שוואַרצער שפּיפון,
וואָס מע רופט אים פּיפּערנאָטער
(צ׳ען זאָל אויף אונדז געגנאָד ער
און קיין בייזן ווינט אויף אונדז ניט לאָזן בלאָזן !).
פילט מיר אָן דעם גרוב מיט לעבערלעך פון האָזן
און פון שעפעלעך, פון הינער און פון אינדיקעס !
מעג אויך זײַן פון טײַבעלעך — פון אַלצדינג וואָס ניט זינדיק איז !
און מע זאָל דאָס עסן, איידער ס׳הייבט־אָן טאָגן,
אויפן ניכטערן און פרישן מאָגן,
אַלע חודש נאָכן מולד,
ווען די קליפּה איז ניט שולט —
וועלן אַלע וועלף און הינט און בערן
גוט און פרום און ערלעך ווערן !
און פון אונטער דר׳ערד די גאולה
ווי די גרינע גרעזעלעך וועט שפּראָצן —
אָמן כּן יהא רצון !
און אַ סימן צו דער סגולה :

לעבערלעך ווי מאַכט? אפשר ניט „לעב ערלעך"? —
אָט אַזוי געזאָגט דער צדיק. און דער סוף? — געפּערלעך!
שווער איז צו דערציילן, ביטער איז צו הערן!
ווי, ווי! וויפל מ'האָט געשפּאָלטן בײַכעלעך!
טײַכעלעך
זיך געגאָסן בלוט און טרערן,
ווײַל — די גאולה וויל מען ברענגען, ערלעך וויל מען ווערן!

## דער רשע

פון אַן אָפּגעריסן פרומען בלימל
איך אַמאָל געהערט:
פאַר נ׳עבירות שטראָפט דער הימל
און פאַר מצוות שטראָפט די ערד.
און איך האָב דערצו אַ משל. הערט!

*

— ברודער, (זאָגט דאָס שפּיגעלע צום זייפל)
זאָג, וואָס איז דיר? עסט דיך ניט דער צווייפל?
ס׳שטילע ווערעמל? דער „נאָגער״?
איז ניט ריין, חלילה, דאָס געוויסן?
כ׳וואָלט געוועז אַ בעלן וויסן,
וואָס סע מאַכט דיך אַזוי מאָגער
און פון טאָג צו טאָג אַלץ נאָכגעלאָזטער, שיטער?
— ביטער!
(זאָגט דאָס זייפל מיט אַ קרעכץ)
קאַלטס און וואַרעמס, און מע פייניקט און מע פּלאָגט.
— טו־זשע תשובה, קינד! מע זאָגט:
יעדער טוט אַליין זיך שלעכטס...
— וואָס־זשע?
מיינסט אַן אמת, איך אַ רשע?
— נו, וואָס דען־זשע? וואָס־זשע שטראָפט מען? זאָג אַליין!
— איך, די וועלט איך זייף און מאַך זי ריין!

# די קאַץ און דער וווּרשט

מיט אַ יאָמער זיך די קאַץ אַרומגעטראָגן:
„מיאַו! מיאַו! מיאַו! די באַלבאָסטע מיך פֿאַרגעסן
און די דינסטמויד מיך געשלאָגן!
איך בין הונגעריק, און עסן וויל איך, עסן!
און פֿאַר וועמען ווייִנען? און פֿאַר וועמען קלאָגן?
מיאַ, איך לאָז זיך אויס פֿאַר הונגער און פֿאַר דורשט!"
קומט אַקעגן איר דער בייִכיקער, מיט פֿלייש געשטאָפּטער וווּרשט
און ער נעמט דער קאַץ זיך זאָגן מוסר
(אַז ניט העלפֿן, כאָטש אַ וואָרט איר זאָגן מוז ער).
„פֿע! סע פּאַסט ניט", זאָגט ער, „פֿאַר אַ קאַץ צו ווייִנען! ניין, סע פּאַסט ניט!
הונגעריק? איז וואָס? און אַז אַ טאָג מע פֿרעסט ניט,
איז סכּנות? בעסער אַז מע עסט ניט!
ווער סע הונגערט, דער אין גאָט פֿאַרגעסט ניט!
וווּ איז תּשובה, אַז מע פֿאַסט ניט?
דאָס אַ תּכלית דען: מיט פֿלייש דאָס בייִכעלע צו שטאָפּן?
זאַלץ און וואַסער, און אַ שטיינדעלע צוקאָפּן!"
„מ... יאָ, נו", זאָגט די קאַץ, „אײַנדעסן
קומט דאָס ניט צו עסן...
דו גערעדט, איך שוין פֿאַרגעסן...
איך געדענק נאָר וואָס איך לייג אין בויך... אַזוי איך...
וואָס? אומשטיינס־געזאָגט אַ קאַץ... אַ מוח..."
וויל דער וווּרשט אַנטלויפֿן, כאַפּט זי מיט די ציין אים —
שלינגט די תּורה אײַן מיט אים אינייִנעם.
אײַנגעשלונגען, אָנגעשטאָפּט מיט תּורה און מיט וווּרשט דעם מאָגן —
צו די מײַז אַוועק די קאַץ, זיי מוסר זאָגן.

## זשאַבעס

עפּעס רעשט זיך אין געמויזעכץ! עפּעס דאָרט אַ קאָך!
קעגן בושל אויפגעהויבן זיך די זשאַבעס. (— דאָך!)
אַ געשריי, אַ קוואַקעריַ:
„פריַ זאָל זיַן די בלאָטע, פריַ!
אויס! גענוג! ביז וואַנען? שלינגט אונדז אויפן שאָק,
און קיין פּיפּס ניט!? הפקר! שניַיד און בראָק!
ניין! סע גייט אַזוי ניט וויַטער! ראשית ווילמיר טאַקע,
ניט באַשרענקט און ניט באַגרענעצט זיַן זאָל אונדזער קוואַקע:
ווען מע דאַרף און ווען ס'איז נייטיק, מאַכן אַ „קוואַקאַוועקע",
און אַרויסזאָגן אַיעדער זאָל זיַן מיינונג הויך, און דווקא
נאָר ביַטאָג — דער זומפּ זאָל ברויזן!
זאָל מיר וויסן אויך וואָס גוט און שיין איז!
והשנית:
בלומען! רויזן!
ס'איז ביַ אונדז דאָך בלאָטע בלויז!
זאָל מיר אויך אַמאָל שוין זען אַ רויז!"
(זשאַבעס — און געפּערלעכע השגות?
אים, דעם סאָלאָוויי גיי זאָג עס!
פונעם נאָנטן וועלדל זיַנע זינדיקע געזאַנגען
זיס געוועקט חלומות, ניט־געשטויגענע פאַרלאַנגען
צווישן עולם, יענעם גליטשיק־קאַלטן־נאַסן.)
נו, אַז דאָס געמויזעכץ זיך גענומען וויגן!
וואָס? וואָס טראַכט איר זיך? דער בושל זיי געשוויגן?
בלוט געגאַנגען אין די בלאָטע־גאַסן!
זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק... קיצור: שבת...
נו, ווער אויסגעפירט? די זשאַבעס!
זשאַבעס היפּען, זשאַבעס טאַנצן...
מזל־טוב! דער בושל נאָכגעגעבן זיי אינגאַנצן!
וואָס־זשע דאַרף מען נאָך? מע דאַרף אַ נעם טון זיך געטריַ
און די בלאָטע איבערבלאָטן אויפדאָסניַ,

העט פון שימלהײַטל גרינעם
ביז אַראָפּ צום שלײַם און עפּוש־פּאָדעם כּל המינים.
(דאָס אַן אַרבעט פֿאַר געניטע, פֿאַר מבינים!)
און צום ערשטן מאָל די חברה קוואַק
אײַנגעפירט אַ קלפּי, און מיט אַלע פּליטערלעך תּרי״ג,
מיט אַמביציעס, מיט דרשות, סעודות, צדדים,
מ׳האָט געקוואַקעט דורך די נעכט — פּחדים!
און געקלויבן און געקלויבן,
ביז זיי האָבן — גאָט צו דאַנקען און צו לויבן! —
אויסגעקליבן דרײַ בכּבודיקע נעמען!
ניין, דעם זומפּ זיי חס ושלום ניט פֿאַרשעמען:
קוויס־קווע־קוואָד־קוואַ־פּאַפּוגײַ, וואָס רעדט אויף שבעים לשון —
אַ בר סמכא בײַ די פֿראָשן;
און דער פֿרומער שוואַרצער חסיד רב קראַ־קראַך,
וואָס ער זאָגט נביאות פֿון שפּיץ דאַך;
און דער עיקר —
דער הער פּיקער,
וואָס מע רופֿט אים פּיקהאָלץ (ע, ער איז קיין שוטה —
ר׳האָט אַ יאַרמעלקע אַ רויטע!).
און היות די לײַט
שענקען דעם געמויזעכץ אי זײ״ר חכמה אי זײ״ר צײַט,
מוז דאָך קהל אויף זיך נעמען זײ״ר פּרנסה.
על כּן
האָט אַליין דער בושל פֿון זײַן הויכן באַלקן
אָפּגעשטעלט אויף קהלס חשבון זײ״ר הכנסה.
און אַ נעם געטון מיט חשק
אין אַ שעה אַ גוטער חברה זיך צום עסק —
עסן!
און די בלאָטע! ווייס איך וואָס! פֿאַרגעסן!
די הוצאות לעת עתּה גרעסער:
צוגעקומען נײַע פֿרעסער...
און דאָס בלאָטע־לעבן אויף אַ האָר ניט בעסער!

## דער ריכטער

איינמאָל האָט רב כאַפּער־כאַפּעראָוויטש־כאַפּערעסקו
(דאָס דער בער — פון וואַלד דער ריכטער)
זיך געלייגט ניט איבריק ניכטער
און מיטביידע לאַפּעס פונעם שלאָף געטון אַ פּליעסקע —
נעבעך זיך דערשראָקן;
אויסגעדאַכט זיך אים: פון וואַלד געוואָרן איז אַ שטאָט,
גייען פּריַיטיק אַלע חיות פונעם באָד,
אויסגעצוואָגן, פיַין און פרום ווי ציגנבאָקן...
היַינט גיי לעב! צווישן סאַמע פרומע
קען אַ ריכטער האָבן דען אַ תּקומה?
וואָס? פונוואַנען לעבט אַ ריכטער דען? פון מעשים טובים?
נעמט ער רעווען, ברומען פונעם שלאָף,
אַזש סע ציטערן אין צענטן דאָרף די שאָף.
לויפן זיך צונויף די שכנים, פריַינד און קרובים,
און מע וועקט אים, און אין שטערן שפּיַיט מען אָן דריַי מאָל אים.
כאַפּט ער אויף זיך און דערציילט דעם חלום.
און מע זעט באַשיַימפּערלעך, ער עקט זיך.
„גאָט מיט דיר!“ באַרויִקט אים דער פוקס, „ניט שרעק זיך!
כ'האָב דאָס אַ קבלה
פון פאַרדרייטע וועגן און פון סטעזשקעלעך קרום־שמאָלע:
איז נאָר דאָ אַ פאַסטעך, וועלן זיַין שוין הינט!
גיב נאָר גאָט אַ ריכטער, וועלן זיַין שוין זינד!“

## פאַרן בית־דין של מעלה

פון אַלטן בית־עולם אַ שוואַרצע קראָ פליט
און פּאַטשט מיט די פליגל אין שול־הויף:
גאָטס קנעכט שלמה זלמן, דער כּשרער ייִד —
אים אַנגסן באַשלאָגן, ער ציטערט אין שרעק ווי אַ לולב,
פון זיבן מלאכי חבלה צום בית־דין של מעלה געפירט.
וואָס איז דאָרט?... בײַם לעבן, מיר דאַכט זיך, קיין פליג אויף דער וואַנט ניט גערירט...
אַ לאָדעכץ מיט אים האָט זײַן קו.
גערעכטיקייט וויל זי. אַז דאָ ניט, איז וווּ?
דער אמת זאָל לעכערן בערג ווי די הערנער פון זון דעם שוואַרצוואָלקן! —
זי טענהט: ער האָט מיך, רב שלמה, געמאָלקן,
איך האָב אים די קליי פון די ביינער געגיבן —
פאַר אים, פאַר זײַן ווײַב, פאַר די קינדער די זיבן.
און מײַן קינד, מײַן איינציקס, פאַרשפאַרט,
אַ הונגעריקס נעבעך געמעקעט, געגאַרט,
און אויף זײַן גענאָד אין דער פינצטער געוואַרט,
ער זאָל אַ פּאָר טראָפּנס כאָטש לאָזן פאַר אים אין מײַן אײַטער.
נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט, הערט ווײַטער!
ער האָט דאָך מײַן האַרץ מיר צעבראָכן;
מײַן קינדעלע נאָך ניט געוואָרן פיר וואָכן —
און ער דאָס געפירט צו דער שחיטה! געוואַלד, צו דער שחיטה!
דאָס ערשטע, דאָס צווייטע, דאָס דריטע!...
דעם הימל נעמט־דורך אַ פראָסט:
— און דו האָסט געלאָזט זיך אַלץ מעלקן? — געלאָזט!
— מע האָט דאָך דיר הערנער געגיבן, צי האָסטו מיט זיי ניט געשטאָכן?
— חלילה!

— מע האָט דאָך דיר שטאָלערנע ציינער געשאָנקען, צי האָסטו מיט זיי ניט געביסן?

(דער הימל וויל וויסן!)

— איך וואָלט דאָך דערפאַר איצט געבעטן מחילה. — —

דאָס בית־דין קוקט־איבער זיך, שטערנדלעך גאַפן:

— מע האָט דאָך דיר קאָפּעטעס האַרטע ווי שטיינער געשאַפן,

צי האָסטו צומאָל אים אין האַרץ ניט געשלאָגן על חטא?

— על חטא שלאָגט מען זיך און ניט יענעם.

— אין גיהנום!

(אַ דונער געטון זיך אַ קײַקל פון ערגעץ העט־העט)

אין גיהנום אַרײַן! די בהמה זאָל טראָגן איר שולד!

מיט טעמפּער הכנעה און שטומפּיק געדולד

מײַן קנעכט שלמה זלמן מיר איבערגעפירט!

געוויזן אַ וועג אים אַ פרײַען צום שלעכטן,

אַ חלף אין האַנט אים געגיבן צום שעכטן —

פאַרשאָלטן זאָל זײַן זי ביז צענטן געבירט! — —

און רוחות מזיקים מיט קאַנטשיקעס צו,

אויף פלאָג און אויף פּײַן אָפּגעפירט זיי די קו.

## דער שטעקן

האָט דער גוטער־יאָר אַ שטעקן אָנגעטראָגן.
איז דאָס, מאַמעניו, אַ זאָגער, רעדער, שמוסער!
ס'איז דער אמתער, דער גרויסער שבט־מוסר.
רעדט ער צו דער ראַבער קו אַזוי צו זאָגן:
„גיבן דאַרף מען! מילעך גיבן!
ס'שטייט אַזוי געשריבן!
ונתנו מאַכט צוריק ונתנו. דו פאַרשטייסט?
ניין, פאַרשטייסט מיך ניט. בהמה דו, דאָס הייסט:
גיסטו מיטן שעפל,
גיט מען דיר מיט לעפל;
גיסטו מיט די הערנער,
גיט מען דיר מיט דערנער.
לאָז דיך, זאָג איך, מעלקן!
ביימער דאַרן, גראָזן וועלקן —
מעשים טובים
אייביק בליענדיקע קרובים,
אייביק דיר געטרײַ זיי ווי דעם אויג די ברעם,
אי אויף דעם
אי אויף יענעם עולם.
זײַ־זשע ניט קיין גולם!
באַלד וועט קומען מיטן שעפל די באַלבאָסטע ראָניע...
ע, דו פאָרקעסט מיט דער ניאָניע?
ברוגז ביסטו? וואָס? דײַן קעלבעלע אין שטאַל,
ווען דיך מעלקט מען דאָ אינדרויסן?
ווילסטו אפשר דריגען? שטויסן?
וועט עס וואַרפן דיך אין כּף־הקל!
הער, מע טאָר ניט, זאָג איך דיר, מע טאָר ניט דריגען, שלאָגן!
אַלץ צו גוטן, מוז מען זאָגן,

אַלץ צו גוטן, אַלץ,
ווען אַפּילו ס'ליגט דער חלף אויפן האַלדז..."
זאָגט־אַרײַן דער שטעקן אונדזער קו און זאָגט,
און דערבײַ אַליין ער שלאָגט, ער שלאָגט.

## צווי פייגעלעך

פרילינג אונדז געשענקט אַ טאָג, אַ גילדענעם, אַ גרויסן.
זעט: מיט טויזנטער קרישטאָלנע עמערס ער אינדרויסן
חיות, ליכט און פרייד צעגאָסן.
און צווי פייגעלעך — וויי־וויי! — אין שטײַגעלע פאַרשלאָסן!
פרעגט פאַרוואָס! אומזיסט־אומנישט!
ווײַל מיט לידעלעך דאָס האַרץ געקוויקט־געפרישט!
שוין דעם אמת דען דער שוחט ווי אַ טײַבעלע געשאָכטן?
שלעכט! פאַרפאַלן! אַז דאָס שטײַגעלע פון דראָטעלעך געפלאָכטן!...
זיצט זיך איינס, דאָס עלטערע, הכנעהדיק און שטיל.
מילא, ווען מוז מען ווי ס'איז מיגלעך, אַז ניט מיגלעך ווי מע וויל.
דאָס ווייסט יעדער, ווער דעם קאָפּ אין אומגליק ניט פאַרלירט.
נאָר דאָס צווייטע — וויי, וואָס דאָס פאַרפירט!
וואָס פאַרעקשנטער די נויט, אַלץ אימפּעט מער.
וואַרפט זיך, שפּרינגט אַהין, אַהער,
סע געפינט זיך ניט קיין אָרט,
רײַסט זיך, בײַסט די דראָטלעך דאָ און דאָרט,
פּיקט אין טירל — פּראָטעסטירט.
„פּיקהאָלץ!" זאָגט דאָס עלטערע, „וואָס נאַרישקייטן צו באַווײַזן?
זעסט דאָך, שוואַך דאָס שנעבעלע, די דראָטעלעך — אײַזן!
גיי שוין, אומרו, גיי שוין אין דײַן רו!"
נאָר די רו פון אומרו — אפשר ווייסט איר ווו?
קומט צו גיין די שיינע רחלע און קוקט זיך צו.
זעט זי — מיר פאַר איר בלאָ אייגעלע! —
ווי סע וואַרפט זיך, ווי סע רײַסט זיך פונעם שטײַגעלע דאָס פייגעלע.
דאַכט זיך איר, דאָס פּיצל מיטן שנעבל איר אין האַרץ אַ פּיק,
שפּרינגט זי — אַז מע שמוסט, אַ ווילדע ציג! —
און אַן עפן פונעם תּפיסהלע די ריגעלעך!

ביידע ראַפּטעם אויסגעגלײַכט די פֿליגעלעך
און — אין פֿרײַען פֿעלד!
דאָרט זיך אויף אַ בוים געשטעלט,
און צום אומרו זאָגט דאָס שטילע:
,,נו, געריכט זיך מיט אַ רגע פֿרײַ'ר?
אָבער זאָג: געפֿילדערט איך ווי דו? געטון אַ פּיפּס אפֿילו?
און צי דען דער הימל ניט געהאַלפֿן מיר ווי דיר?
נו, באַדאַרף מען וויווען? האַ? כּדאַי?
אַז באַשערט איז די ישועה, קומט זי סײַ־ווי־סײַ!"

✶

נו, פֿאַרשטייט זיך, קומען קומט זי און זי מוז...
נאָר פֿאַרגעסט ניט, שטילינקע, אין ווערמעס זכות!

## בײַ רב טאָדרעסל אין הויף

איר געווען אַמאָל אין דערפל בײַ רב טאָדרעסל דעם נגיד?
דאָ איז שיין און דאָ איז ווויל, און דאָ גיט
גאָט זײַן מזל־ברכה.
אויפן הייפל גענדזעלעך און הינדעלעך ניט איין משפחה,
און אַ אינדיק מיט אַ אינדיטשקע, אַ ציג, אַ קו,
און אַ טויבנשלאַק דערצו.
דאָס דער עיקר. וועגן אים דערצייל איך. —
איינמאָל זיצט אַ טערקלטויב און וואָרקעט: „אַלע פריילעך,
נאָר צו מיר אַליין זיך טוליעט ער, דער טרויער,
איך אַליין געפעל אים...
פרעג איך אים: וואָס ווילסטו? וואָרקעט ער אין אויער:
אַלעמאָל אַן אַנדער טײַבעלע ווערט נעלם!"
הערט מען אויס — פאַרשטייט זיך, ניט אָן שרעק —
פאַלט שוין עפּעס אויף:
אַלע דאָנערשטיק דאָס באָרוועס־מיידל קומט אַרויף...
נעמט אַ טײַבל... גייט אַוועק...
און פאַרפאַלן! שוין! נישטאָ דאָס טײַבעלע צוריק!...
וואָס־זשע זאָל דאָס הייסן, האַ?... דאָס לעבן נעמט זיך עקן!
ניט אַזוי דער שאָדן — דאָס ניט־וויסן טוט זיי שרעקן!
גייען פרעגן זיי אַן עצה בײַ דער ציג.
שאָקלט מיט דער באָרד זי: ס'איז ניט גוט, דאָס זעט זי אויכעט —
זאָל אַזוינס בײַ גוטע פרײַנד זיך גאָר ניט הערן!
נאָר אין תוך וואָס איז דאָ, קען זי ניט באַקלערן.
— וואָס איז דאָ צו קלערן? (זאָגט דער האָן) סע שמעקט מיט שוחט!
— שוחט? וואָס־זשע הייסט דאָס, גוט צי שלעכט?
— שייך שלעכט? אַ שוחט שעכט!
— שעכט? וואָס הייסט דאָס שעכטן?

— קוקוריקו !... וואָס מיר ניט געחלומט זיך, ניט היַינט, ניט נעכטן...
פריצלעך ! ערשט פון אייעלע אַרויס !...
שעכטן הייסט : מע ציט דאָס העלדזעלע דיר אויס,
און מיט עפּעס דאָרט אַ שאַרפס, אַ שאַרפס ווי אָדלערס נעגעלעך,
איבער העלדזעלע אַ פיר אַהין, צוריק —
כיק !
און גענוג ! פאַרגלייזט די אייגעלעך !...
— גאָט מיט דיר ! וואָס רעדסטו ? הערט נאָר, הערט !
(מיט די פליגל ציטערט־קלאַפּט די טערקלטויב צו דר'ערד)
וואָר דאָס ? וואָר דאָס ? טאַקע וואָר ?
ווייסט איר וואָס גאָר : לאָמיר גאָר אַנטלויפן ! גאָר גאָר ווײַט !
גאָר גאָר !
— פליען ! פליען ! (כאַפּן אַלע אונטער) און וואָס גיכער — בעסער !
— דאָר־אַלדאָר־אַדאָר ! פאַרפירט און זינדיק !
(בלאָזט און גוידערט זיך דער אינדיק)
לויפן פונעם חלף צו באַגעגענען דאָס מעסער !
תּיכף מיט מרידה ! פליען !
— גו־גו (זאָגט די קאַטשקע און זי קוקט זיך אַלעמאָל אַרונטער)
גו־גו גוט, דאָס יונגוואַרג אין די פאַכוועלעך טוט בריען...
ווייסט ניט, זיצן אויפן אָרט געזונטער...
נאָר די אַלטע — זיי געמעגט כאָטש זײַן אַביסעלע געזעצטער,
וויסן : ניט פון נעכטן פירט זיך אונדזער הויף,
קיינער ניט דער ערשטער, קיינער ניט דער לעצטער,
וואָס באַשערט — באַשערט, כאָטש פלי און שווים און לויף !
— לויפן ?... קוקוריקו !... (קרייט דער האָן) און אַז מע וועט
אײַך כאַפּן ?
— מע־מע־מע (צעמעקעט זיך די ציג) מע וועט דערטאַפּן !
אויך אַמאָל אַנטלאָפן,
אין אַ פרעמדן גאָרטן... מיינט איר, מע־מע־מע מע האָט מיך ניט
געטראָפן ?
אוי, אַז מיטן שטעקן מע־מע־מע מע האָט גענומען קלאַפּן !...

אָט אַזוי אַ פּחד אָנגעיאָגט, פאַרכישופט,
אַלטע זיך דערשראָקן, יונגע זיך געזשובט,
אַזוי ברייט און אַזוי לאַנג,
ביז —
מזל־טוב, רב טאָדרעס מאַכט אַ ברית!
און אין קיך, געבונדן, אויף דער ברייטער באַנק
אויסגעלייגט די טײַבעלעך, די גענדז, דער האָן,
און דער אינדיק אויוונאָן,
און מע קרייט, מע גאָגערט, און מע קללה׳ט, און מע חרמה׳ט —
ווּעמען? נו, די טײַבעלעך! פון זיי די צרה תּמיד!
זיי, די הויכע פליערס, זיי!
אומגעבראַכט דאָס הויף אונדז מניה־ביה!
— דאָר־אַלדאָר־אַדאָר, אַנטלויפן זיך פאַרגלוסט!
— גע־גע־גע געוווסט, אַ צרה גייט אויף אונדז, געוווסט!
— קוקוריקו! אַ שטראָף אויף אונדז אַראָפּ!
— אָלדער־אָלדער! טויבן זינדיקן — מיר קומען אָפּ!

## דער בעל־יועץ

ניט אַ טאָג, ניט צוויי — אַ גאַנצע וואָך
ניט אַרויסגעוויזן זיך רב מײַזל פון זײַן לאָך,
נאָר געטראַכט, געטראַכט כּסדר.
(טראַכטן קען אַיעדער.)
זיבן טעג און זיבן נעכט געטראַכט,
און דערנאָך ערשט אַן אסיפה ער געמאַכט.
צען מנינים מײַז בּכבודיקע זיך צונויפגעקומען
און צו הערן זיצט מען מוכן ומזומן.
טוט רב מײַזל
ס'עקל אַ פּאַרקרײַזל,
ניסט זיך אויס, און זאָגט: „רבותי, הערט!
כ'האָב געקלערט און אויסגעקלערט:
אַלע צרות נאָר פון שנאה!
און די שנאה? ניט אומזיסט! פון קנאה, זאָג איך אײַך, פון קנאה!
נו, בּכן, ווי טאָג אונדז קלאָר
מחמת וואָס סע הענגט דאָס לעבן אויף אַ האָר
און די קאַץ אַ בייזער וואָרעם, ווילד.
אַ פּאַרדראָס, אַ ווייטיק איר: אַ מויז אַ שנעק —
אויך אַ קאָטער! מיט אַ לאַנגן עק!...
חוצפּה! זאָגט אײַך, וואָס איר ווילט!...
על כּן, ברידערלעך, עצתי: שטאַרקט די הערצער
און די עקן מאַכט אײַך קערצער!
נו אַוודאי, יאָ, אַביסעלע אַ ווייטיק,
אָבער — נייטיק!
קערצט איר אונטער אײַך די עקן —
פונעם קאָטערס פּיסקל פוטער וועט איר לעקן!
ווי איר זעט מיך לעבן, ניט אַזוי אַ ביס — אַ קראַץ
טוט ניט מער די קאַץ!"

אַז געמיינט איך: שוין, אַן עק! געפּטרט!
און דאָס שטילע פֿייגעלע, דאָס שנעקל?
קוק עס אָן! אַ שלעקל, זאָג איך דיר, אַ שלעקל!
ערשט
מיטן אינדיק שיר זיך ניט געממיתטט פֿאַר אַ גערשט!
און סע לויפֿט נאָר פּאָרויס, פּאָרויס!
צרות מײַנע, צרות!"
„קו־או, קו־קו, קו־קו־אַך!
לאָז געמאַך!"
שרײַט די שכנטע און טוט אין קעפּל איר אַ פּיק,
„נאַ דיר, נו! געפּעלט אײַך? שיינע שטיק!
קלאָגט און וויינט, און רייצט מיך מיט איר גליק!"

*

שווער דער צער פֿון גידול־בנים —
ערגער איז נאָך אָן אים.

## דער גבור

פאַרן פאַרקן,
מיט אַ טריט אַ זיכערן, אַ שטאַרקן,
שפּאַנט דער האָן זיך, שפּאַנט אַהין, צוריק,
אויף די זיבן ווײַבער אַלעמאָל אַ בליק
און מיט גדלות, מיט אַ שטעל:
„קוקוריקו! קוקוריק!
וואָס? וואָס ווילט איר, ווײַבער? גליק?
איך וועל גיבן אײַך, איך וועל!"
פּלוצים גאָר דער פוקס! סע גנבעט זיך דאָס מזיקל פאַמעלעך,
מאַכנדיק אַ ברכה „זה התּרנגולטשיק ילך!"
טראַכט דער האָן ניט, איינס און צוויי — און אויפן הויכן פּלויט!
„שטיי נאָר, שטיי, מײַן ליבער!"
שרײַט דער פוקס, „וואָס זאָגט מען אויף דעם גבור?
ווי סע ציטערט דאָס אויף אים די הויט!
ניכּר,
בריה איז דער גרויסער קוקוריקער
אויפן פּלויט און אויפן בוידעם!
בע! איך אַלטער נאַר געזאָגט דאָך ווידוי קודם,
איידער איך געפּועלט בײַ זיך מיט אים זיך צו באַגעגענען!
דונערן און בליצן — און סע הייבט ניט אָן צו רעגענען!
נו, פאַר וועמען איך געשראָקן זיך, פאַר וועמען!
פאַר די ווײַבער דײַנע, כ׳לעבן, מעגסטו זיך דאָך שעמען!
שפּרינגט אויף פּלויטן! נו, מה רעש?
יפיפיות! אַ העלד גיב זיי, קוראַזש!
מיט גבורה מוז מען זיי׳רע הערצלעך קויפן,
מיט גבורה, ניט מיט האָזישן אַנטלויפן!"

„קוק אַ רוח, קוק!" דער האָן צעקרייט זיך,
„וויל די פּוחות מיט מיר מעסטן, רייצט זיך!
און אַז דו ביסט שטאַרקער, נו, איז וואָס? ווער לאַכט דען
פון אַ שוואַכן, חס ושלום? אויף געלעכטער איז דער פּחדן,
וואָס ער וואַרפט זיך ווי אַ שוטה אין סכּנות
מחמת פּחד פאַר פּחדנות!
טראָג זיך, רוח, אָפּ!"
און פון פלויט אין הויף אַריַין דער האָן אַראָפּ.

## רב חוטם

רײַט אַ בריל זיך אויף דער נאָז.
און רב חוטם,
כאָטש די בריל זי דריקט אים, מאַכט אַביסל רויט אים,
נאָר ניט דאָס אים קוועטשט, ניט דאָס;
אַ בזיון און אַ חרפה אים פאַר לײַטן —
נאַ דיר נו, אויף אים גאָר זאָל מען רײַטן!
ער איז דאָך דאָס העכסטע פונעם פנים!
בלאָזט ער זיך, סע שטייט ניט אָן אים.
„וואָס זיך", שרײַט ער, „אָנגעזעצט אויף מיר דער נאַר?
איין שוואַרציאָר אים קאַרג!"
„שווײַג, דו סמאַר..!"
(פע, אַ וואָרט וואָס שמעקט מיט מאַרק.
אָבער גיי רעד איידל מיט אַ נאָז!)
„אמת", זאָגט די בריל, „דו זיצסט דיר אויוונאָן, איז וואָס?
ס'אייבערשטע פון פנים? מילא,
ביסט דאָך פאָרט אַ מיאוסע כּלי —
פרעג, זײַ מוחל, די פּאַטשיילע!
מאַך־זשע ניט, אדוני חוטם, קיין ירגזון,
הער זיך אויף צו בלאָזן!
מעגסט דיר זיצן אויוון און פאַררײַסן הויך,
ווייסן אַלע קלוגע און אפילו אויך
אַלע שוטים,
ווער און וואָס סע איז רב חוטם".

*

דאָס קיין נײַעס, זאָגט איר? ווייס איך וואָס?
אמת, נאָר דערציילט איך דאָס —
פשוט, ווײַל כ'האָב ליב צו שנאָלן אין דער נאָז!

## קעציש מיטגעפיל

לעבן אויוון קאַטשערע געשטאַנען
און גענומען צו דער קאַץ זי טענהן
(וואָס צו טענהן האָט די קאַטשערע אַ סך):
אַז מע האָט ניט קיין רחמנות! אַז מע לאָזט זי ניט געמאַך!
פאַרויס צינדט מען אָן אַ פײַער
און דערנאָך די קוילן שאַרן שיקט מען זי!
דאָס איז יושר? זי בײַ זיך איז אויכעט טײַער!
פײַנט ווי יעדער זי אַ ברי!
און פאַרוואָס־זשע צו פאַרשטיין דאָס גיט זיך קיינער ניט קיין מי?
און וואָס נאָך? צעקריגט די דינסט זיך מיטן כּלב, אַ געשריי —
האָט זיך דאָרט מיט אים אַ משא־ומתּן,
צופיל נאָכגעגעבן ער דעם טריפה־האַלדז געשמדטן —
איז צו ווענען גייט עס אויס? איז ווענען ווינד־און־וויי?
איר, דער קאַטשערע, גיט פרומע ניט קיין רו!
זי דעם הונט זאָל ברעכן רוק־און־לענד!
וואָס איז עפּעס איך? פאַרוואָס ניט דו?
וואָס־זשע, האָסט חלילה ניט קיין הענט?
און בכלל, וואָס איז דער כּלב שולדיק, פרומע?
אַז די דינסט אַ שלימעזאַלניצע — דער הונט אַ בריה!
ניין, איז פרומע הייס געבאָדן אין די וואַסערן פון טבריה,
ברענט און פײַערט: אַ פאָהיבעל! אַ מהומה!
און זי שלעפּט די קאַטשערע... אום גאָטעס ווילן!
לאָז געמאַך! וואָס טויג דער קאַטשערע, דער הונט זאָל אויף איר בילן?
אַז אַ כּלב האַווקעט, קומט דען צו געזונט?
„וואָס? דער כּלב?" זאָגט די קאַץ, „דער הונט?
כ'קען אים, יאָ, איך קען אים!
איידער אין זײַן פּיסק אַרײַנצופאַלן, גלײַכער שוין אין גיהנום!
קיל אין האַרץ ווערט, אַז איך זע אים בײַ דער טיר.
ווייסטו וואָס איך בעט דיך, טײַ'רע? טו אַ טובה — גיב אים
אויך פאַר מיר!"

## דער חשוב

שפּעט בײַנאַכט. אין קיך איז שטיל.
אָפּגעזונגען שוין איר לידעלע די גריל.
איצט אַ מעשהלע דערציילט דער אויוון,
עפּעס פון אַ שרעטעלע: „זיך אויפגעהאַלטן קודם
אויפן בוידעם
לעבן קוימען אויוון.
שפּעטער, אַז אין אויוון זיך גענומען פײַפן ווינטן,
דאָס אַראָפּ אין קעלער, ווו אַן אוצרל געפינט׳ן.
אַלע שבת, אַלע ימים־טובים ניסעלעך געקנאַקט,
יאָדערקערלעך זיך, די שאָלעכץ — אָרעמע אויף מעות־חיטין.
ביז מע האָט דאָס שרעטעלע געפּאַקט —״
„גלייבט ניט״, פּאַלט־אַרײַן די קאָטשערע, „ער באַקט!״
(גראָב! אַוודאי גראָב! מיט פּריסעק זי באַשיטן!)
„מאַלע ביסטו, קאָטשערע, אַ שטיפערקע, אַ קריכערין,
מאַלע אַז מכשפות זיך צעוויכערן,
פליען שדים רײַטנדיק אויף דיר און דורכן קוימען
גלײַך צום אשמדאי, וואָס האָט געדינט בײַ שלמהן?
אָבער דרך ארץ ווו? געמעגט כאָטש וויסן,
ווער פאַרזאָרגט מיט לעקעך חתונות און בריתן
און די וועלט מיט ברויט און חלה! און דערצו:
ווער איז עלטער, איך צי דו?
חוצפה! און מע שווײַגט! מע גיט איר דאָס ניט צו פאַרשטיין!
איך דערצייל שוין מער ניט, ניין!
זאָל די קאָטשערע דערציילן!״
און די קאָטשערע, זי לאָזט זיך גראָד ניט בעטן.
וואָס־זשע? שעמט זיך? קען קיין צוויי ניט ציילן?
„איינמאָל״, זאָגט זי, „דער משרת־יונג מיך אָנגעטרעטן,
מיינט איר, איך געשוויגן? ניט געוואַקלט זיך קיין סך

און צוריק אין קאָפּ אים — טראַך!
מאַרש, משרת־פּיסל, מיט דײַן קאָפּעטע!"
„יאָ, אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע!" זאָגט די לאָפּעטע.
„נו, און דו וואָס? אין יריד־געשלעג געממיתט און צעטראָגן
זיבן דרענגלעך און אַ דישל פֿון אַ וואָגן?
אונדז די מעשה וואָלט געוווּנדערט —
ווען־זשע? ווען שוין ניט געהערט זי אַמאָל הונדערט."
„לאָזט געמאַך! וואָס טויג איַך?" בעט דער וואַלגערהאָלץ
(זײ׳ר אַ גוטער, קיינער ניט געזען נאָך בייז אים),
„בעסער וואָלט דערציילט אונדז עפּעס שיינס דער בעזעם.
זעט איר, ער מעג זײַן בײַ זיך אַביסל שטאָלץ.
אומעטום אַ חשוב ער, פֿאַר אים דאָך אָפֿן אַלע טירן,
אין דעם זאַל, אין שלאָפֿצימער — און ווו פֿאַרווערט אים צו
שפּאַצירן?"
„מיאָ, אַ חשוב", זאָגט דאָס קעצל, „ניט אומזיסט!
אדון בעזעם טראָגט פֿון אומעטום אַרויס דאָס מיסט!"

*

און פֿאַרפֿאַלן! יענע נאַכט די קיך קיין מעשהלע געהערט.
און די קאָטשערע, וואָס האָט געשטערט —
אָנגעצייכנט איר אַ שטראָף פֿון אויוון:
אָפּבריי׳ן אין די קוילן פֿונעם אויוון.

## דער קלוגער בער

ערגעץ אין מצרים, לעבן גושן,
ווו די כוואַליעס פונעם נילוס רוישן,
ווו פון וועלדער, פון מדבריות, פון היילן
קומען חיות גאַנצע שאַרעס
הערן יענע מעשיות פון מכשפים און פון פּרעהס,
וואָס דער נילוס טוט דער שטילער נאַכט דערציילן
(וויפל מאָל די נאַכט געהערט זיי, אַלץ בײַ איר אַ נײַעס) —
דאָרטן איינמאָל פאַר די חיות
שיין געדרש׳עט האָט דער העלפאַנט „מאַריך־אַף״,
פונעם וואַלד דער פילאָזאָף.
(בײַ די חיות אויך פאַראַן אַ קאַנט!)
על־פּי קלאָרן שׂכל, ריין־פאַרשטאַנד,
העל און בולט
ווי די נאַכט־מכשפה, ווען דעם שוואַרצן בער זי קוילעט
(ס׳הייסט, ווי די לבנה נאָכן מולד),
ער דערוויזן, אַז די חיות לעבן גאָר אין טעות:
אויגן האָט מען, און מע זעט דאָך, נאָר מע ווייסט ניט וואָס,
ווײַל אין תּוך איז יעדע זאַך לגמרי גאָר ניט דאָס.
„מיגלעך״, זאָגט ער, „מענטשן רופן אונדז גאָר חיות רעות.
און אַז איר וועט פרעגן זיי,
שטייט די וועלט אויף פיס נאָר צוויי,
ניט, ווי ס׳דאַכט זיך אונדז, אויף פיר —
ווײַל אי זיי אי מיר
אין אַ שווינדל־בלינדל זיך געפינען
און די דרויסן־וועלט מיר שפינען
ווי אַ שפּין איר שפינוועבס, נאָר פון זיך —
קלאָר גערעדט: פון אונדזער איך...״
רעדט דער העלפאַנט, מוחות ברעכט ער.

און צווישן עולם אויוון, אין דער זײַט דער רעכטער,
זיצט רב בעריש אין דער גראָבער בעקעשע,
גלאָצט צוויי אויגן לעקישע,
און ער טראַכט זיך: בע, דער רוח קען זיך שטויסן,
וואָס דער שוטה אויסן!
און צום סוף,
אַז געענדיקט שוין דער פילאָזאָף,
הייבט זיך אויפעט דער באַלבאָס דער יוסטער,
הוסט ער
און ער זאָגט זיך מיט אַ שמייכל:
„יאָ, געפאַלן אויפן שכל!
יאָ, איך ווייס שוין, ווייס, אין וואָס סע שטעקט דער כּוח:
רעדן דאַרף אַזוי איך,
ניט דער עולם, ניט אפילו איך אַליין
זאָל ניט ווייסן וואָס איך מיין —
וועט מען זאָגן: איַי, דוב־בער!
דרך ארץ! ע, ער איז ניט אַבי ווער!
מעגסט אים, ברודער, הערן —
ער דער קליגסטער פון די בערן!"

## דער תּכלית פֿון דער ערד

קיל.
אָפּגעשטעלט אין הימל זיך די מיל,
וואָס קרישטאָלבערג הייסע שטויבן זיך צווישן אירע רעדער.
באָרוועס, אויף שפּיצפֿינגער, דורך ווײַנשל־סעדער,
קומט אין אויסגענייטן העמד אַרויס אַ דאָרפֿיש פֿרישע נאַכט.
שאַ! דאָס פֿעלד זיך טיף פֿאַרטראַכט.
און וואָס טראַכט אַ פֿעלד? סע טראַכט און קלערט,
צי די ערד צוליב די זאַנגען, צי, פֿאַרקערט,
גאָט די זאַנג באַשאַפֿן צו באַשיינען גאָר די ערד.
און צו ווען ווענדט מען מיט דער שאלה זיך צום ערשטן?
סע פֿאַרשטייט זיך, אַז צום גערשטן.
ווייסט איר, ווי מע רופֿט אין פֿעלד אים? הער פּראָפֿעסאָר.
ניט אומזיסט דאָך — קוק זיך צו אַביסל בעסער,
זעסטו טאַקע, אַז די וואָנציעס בײַ אים אַביסל גרעסער.
ווער־זשע, אַז ניט ער
אונדז פֿאַרענטפֿערן די שאלה? אדרבא, ווער?
און געטראָפֿן. אין דער פֿינצטער אויפֿגעשטראַלט אַ שטראַלעניש —
נאָכן גערשטן מער די שאלה שוין קיין שאלה נישט.
„איך האָב“, זאָגט ער, „אין דעם ענין שוין גענוג געקלערט,
שוין פֿון לאַנג, פֿון לאַנג,
ביז געקומען מיר צו חלום גאָר אַן אַלטע זאַנג,
און פֿון איר בפֿירוש איך געהערט:
„ערד צוליב דעם גערשטן, גערשטן פֿאַר די פֿערד!“

## דער הונט און די געגדז

איינמאָל זיך פֿאַרבענקט אַ הונט נאָך עפּעס וואָס אַזוינס, אַ יענץ,
וואָס מע רופֿט בײַ לײַט אינטעליגענץ —
פֿײַנבאַנעמונג, טאַקט...
אויפֿגעוואַקסן אויפֿן סמעטניק בײַ אַ פּויערישער כאַטקע,
אויף דער גאַס אַרום דער יאַטקע —
ווי אַזוי גאָר ער דערטראַכט דערצו זיך ? זעט איר דאָך, אַ פֿאַקט !
נמאס אים געוואָרן די חברים זײַנע, די פֿאַרגרעבטע הינט.
(פֿרײַנט — און וואָס מע ווינטשט זיך, זאָל עס פֿאַלן אויפֿן ווינט !)
און די יאַטקע־יידענעס — אײַ, פּיסקעלעך !
אָנגעפּילט מיט קללות־חרמות ווי דער בויך מיט קישקעלעך !
און ווי גראָב באַהאַנדלען זיי דעם קצב ! דאַכט זיך, וואָס ? אין פֿלוג,
דאַרף אַ הונט דען זײַן דעם קצבס סטראַפּטשע ?
אָבער אַ פֿאַרדראָס : מע גיט אײַך, כאַפּט־זשע !
נעמט און זאָגט אַ דאַנק ! איז, פֿאַר אַ בעלן, קוק :
וואָס דער קצב גיט זיי, אַלץ נאָך ניט גענוג !
גיט ער איינער לעבער, לונג,
שרײַט זי : ניין — זי וויל גאָר צונג !
איינער
גיט ער פֿון דער ריפּ אַ פֿײַדע — שרײַט זי : גאָלע ביינער !
און אַז ביינער וואָס ? מע קען דערמיט זיך סמען ?
אײַ, ווי גיט דאָס אים דער קצב ! ביינער האָבן אַלע טעמען !
אָבער יאַטקע־ווײַבער אויך אומשטיינס־געזאָגט מיר דאַמען !
ווייסן צו פֿאַרדריי'ן אַ קאָפּ רב חיים'ען, נעם כאָטש גיב זיי
אַ מאַיאָנטעק !
און ווי זאָגט דער קצב : טוביה חטאָ זונטיק מאָנטיק —
טויבע זינדיקט זונטיק, מאָנטיק הייסט דער שלעכטער טאָג !
און צו וועמעס קאָפּ די קלאָג ?
פֿרעגט דעם שטעקן ! אויף דער קאַץ אין כּעס ער —

אויפן הונט די ברוגז־טענץ!
און פאַרוואָס? ווײַל עיקר פעלט — אינטעליגענץ!
ווו־זשע, נו, געפינט מען דאָס? בײַם הונט? בײַם חזיר?
צי גאָר בײַ דער קאַץ, אַ פײַער זוכט זי? פלאָם פון שטרוי!..
ווי ער גייט, דער הונט, און טראַכט אַזוי —
ערשט, סע קומט־אַקעגן אים אַ כאָפּטע גענדז,
ריינע, ווײַסע, קלאָרע, שלאַנקע —
אָט דאָס הייסט אינטעליגענץ!
זאָגן זיי: „גוט מאָרגן!" ענטפערט ער: „איך דאַנקע".
פרעגן זיי אים, וואָס ער מאַכט,
ענטפערט ער: „וואָס זאָל מען מאַכן? בע, מע שמאַכט.
וויסן זי, אַ שווערע זאַך פּרנסה —
זיבן כּלבים אויף איין ביין!"
פרעגן זיי, וואָס טויג אים ביינער — בעסער פּראָסע!
זאָגט ער: „גייט שוין, גייט! וואָס רעדט איר? איר זאָלט ניט
פאַרשטיין?
קײַען פּראָסע גלײַך ווי קײַען האָלץ, צי ערד..."
קוקן־איבער זיך די גענדז: „איר הערט?
גאַנץ גענוג געפלוידערט! לאָמיר גיין!"
און דער הונט, ער קוקט זיי נאָך, באַדויערט די גענדז:
„וויסן ניט דעם טעם פון ביינער! אָרעמע אינטעליגענץ!"

## צווי חכמים

צו דער ציג

אין אַ שמוס געזאָגט אַמאָל אַ ביק:

— ס'אַ סוד! געהערט איך קינדווייַז פון מייַן מאַמען!

דיר דערצייל איך עס: פאַראַן אַ ביינדעלע אַזאַ מין,

וואָס מע רופט עס „טשייכל“

אָדער „שׂכל“ —

און באַוויַיזסטו נאָר דאָס ביינדעלע אַראָפּצושלינגען,

איז באַקומסטו פליגל, הייבסט־אָן זינגען!

— טאַקע? — יאָ, נו, דאָס געזאָגט מייַן מאַמע, זכותה יגן!

— און דאָס ביינדל וווּ? — בייַם סאָלאָוויי אין מאָגן.

— הייסט עס, אַז דו ווילסט דאָס ביינדל פון געזאַנגען,

מוזסטו דאָך דעם סאָלאָוויי פרי'ר פאַנגען!

— האָ־האָ־האָ! צעקייַט די זאַנגען!

— און דאָס פייגעלע צו פאַנגען מוז מען פליגל האָבן?

— איך מיין אויך דאָס, פליגל. ניט קיין נפקא־מינה, שוואַרצע

ווי בייַ ראָבן

אָדער ווייַסע ווי בייַ טויבן, צי אפילו רויטע...

— וווּ־זשע נעמט מען פליגל? — גיי רעד מיט אַ שוטה!

הערסט דאָך, שלינגסט־אַראָפּ דאָס ביינדעלע, באַקומסטו פליגל!

— און דאָס ביינדעלע? — אַ ציג, אַ ציג, און גאָר פון ליים אַ ציגל!

הערסט ניט וואָס מע רעדט — בייַם סאָלאָוויי אין מאָגן!

— ע, מע... הייסט עס... וואָס געוואָלט איך זאָגן...

לאָזט אייַך דינען נאָר אַ ווייַלע...

— הייסט עס, שמאָכעט ביק, ביסט אַ חכמתטע בלילה!

פאָלג מיך, מיט אַ שוואַכן קעפּל שטופּ דיך ניט צו גרויסן —

ניט אַיעדער, וואָס האָט הערנער, קען זיך שטויסן!

## דאָס זעלצערל

זע: דער טיש הרחבהדיק געגרייט,
אָן אַ קנייטש דאָס טישטעך ליגט פֿאַרשפּרייט,
הכּל־בכּל אויסגעשטעלט, אי דאָס אי יענץ,
גאָפּל־לעפֿל, טעלער, אַ קרישטאָלענער קרעדענץ,
און די גוטע־ברידערלעך די דרײַ (איך מיין עס
פֿלעשלעך דרײַ, וואָס שטייען זיך אין שכנות —
בראָנפֿן, רויטער ווײַן און וואַסער,
און זיי רעדן צו די גלעזער־גלעזלעך אויפֿן ווונק);
אָט איז אויך דאָס זעלצערל (אַ ממזרל! אַ פּונק!)
און דאָס קנאַקניסל (אָן ציין אַ בײַסער)
און דאָס זילבערמעסער מיט דער שאַרפֿער צונג
(דאַרף קיין שלײַפֿער זיך ניט זוכן) —
הכּל מוכן,
אַלץ שוין פֿאַרטיק צו דער סעודה,
נאָר ניט פֿאַרטיק נאָך רב יודע —
ער פֿאַרנומען איז געשעפֿטלעך
(פֿאַרן עסן טרעטן־צו געשעפֿטן עפּטלעך).
וואָס־זשע זאָל דערווײַל דער עולם טון דאָ אויפֿן טיש?
האַלט מען אונטער זיך, פֿאַרשטייט זיך, מיט אַ שמועס.
— אַך, ווען גאָט זאָל געבן אונדז נחמות און ישועות
(זאָגט דער ווײַן), ווען זינגען זאָלן פֿיש
און במקום שאין איש
טאַנצן זאָל אַ קניש,
וואָלט געוועזן שוין איינמאָל אַ לחיים!
— מיגלעך! (זאָגט דער בראָנפֿן) ניט געהערט דערפֿון —
ווען דער בורא פּרי הגפן זיך צעהוליעט אין מצרים,
איז דער ים געוואָרן משקה, אויסגעזשליאָקעט אים די זון,

און די בערג געטאַנצט, געטופּעט ווי די ציגלעך.
ניט געזאָרגט, בײַ גאָט איז אַלדינגס מיגלעך!
— יאָ, בײַ גאָט איז אַלדינגס מילכיק!
פּי, אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם הילכיק
און אַ בלינדער שכּור ווערט אַ טרעפער!
(שיט דאָס זעלצערל מיט זאַלץ און פּעפּער.)
— ממזר! אפּיקורס! (טאַנצט אַ פלאַכער טעלער אונטער).
לעפל קלינגען בייז און גאָפּלען קריצן מיט די ציין:
— הולטײַ! ווער דערהרגעט! זאָל דערשלאָגן דיך אַ שטיין!
וויי, דער שוואַרצער פּעפּער רעדט אויס אים, די קליפּה —
האַווקעט ווי אַ הונט ער!
— וואָס־זשע טוט ער אויפן טיש גאָר? זאָל ער גיין אַרונטער!
— זאָל ער גיין אַהינצו ווו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט!
— קנאַקניסל, וואָס שווייגסטו? נעם אים!
קלעם אים!
קענסט דאָך, אַז דו קנאַקסט!
— קענען קען איך, זאָגט דאָס קנאַקניסל, דאָס ווייסן אַלע טישן;
אָבער, האָט ניט קיין פאַריבל, איך זיך פײַנט צו מישן —
סײַדן אַז איך מוז, איך בין געצוווּנגען, ס'איז ניטאָ קיין ברירה...
— נו, וואָס זאָגט איר, ווי געפעלט אײַך אונדזער קנאַקער?
(רויטער ווײַן זיך אַ צעפלאַקער)
פּײַנט צו מישן זיך! פאַרוואָס? די צײַנדלעך אַ נ'עבירה?
שעם זיך פאַרן טיש און פאַר די ווענט!
— ווערט פאַרשטומט שוין! (האַקט זיי אָפּ דאָס מעסער)
מער מע שווײַגט זיי, אַלץ דער טומל גרעסער!
לעפל־גאָפּל זיך צעקלונגען! טעלערלעקער וואָס איר זענט!
און איר אויכעט, פּײַנע בריות, פלעשלעך ווײַן —
שעמט זיך אין אײַ'ר טיפן האַלדז אַרײַן!
— ווער? מיר?!
— איר!
מאַכט זיך נאָר נישט תּמעוואַטע!

אײַער משקה װינקט צו גאָט און איז גאָר אַ געשמדטע!
חצי מים, חצי יין —
און מע נעמט זיך אויף מײַן זעלצערל גאָר שרײַען?
זאָל מען װיסן: שקר שמדט זיך און ער נעמט זיך אָן פֿאַר זײַן
באַשעפֿער —
אמת גיט זײַן גאָט אַליין צו שמעקן פֿעפֿער!

## דער ויברח פונעם אייזל

שאַט נאָר, שאַטס —
עפּעס רעדט דאָס אייזל מיט דער קאַץ:
„זײַ געזונט מיר! מאָרגן, בלי־נדר,
איידער
פון די שוואַרצע שטאַלן די פּאַרכמאַרעטע
פאָרט־אַרויס די רויטע קאַרעטע
מיט די ווײַסע אייזלעך,
וואָס זיי קײַען ניט קיין גרעזלעך,
נאָר זיי שלינגען שטערן —
וועסטו הערן,
איך בין שוין אַוועקגעפאָרן.
זײַ געזונט אויף לאַנגע יאָרן!
וועסט ניט בענקען, חיה־עטל?"
„פרעג־ניט, סע וועט זײַן אַ לאָך אין שטעטל!
כ'וועל מיר אויסווײנען דאָס דריטע אויג!
אפשר מעג איך וויסן, אויב ס'איז ניט קיין סוד,
וואָס סע טרײַבט דיך, ליבינקער, צו נע־ונד?
וואָס איז עפּעס פּלוצים גאָר? וואָס טויג
נעמען מיטאַמאָל אי זיך אי פרײַנד צעברעכן?
נו, באַרעכן:
עסן־טרינקען האָסטו,
וויל און טײַער די באַלבאָסטע,
זיס ווי פּוטער,
און רב מאָטל דער באַלבאָס, זאָל לעבן, אויך אַ גוטער —"
„ווי פאַר וועמען — גראָד פאַר מיר אַ שלעכטער!"
זאָגט דאָס אייזל און סע גריבלט מיט דער קאָפּעטע דער רעכטער
„זאָג אַליין: פון מײַן געבוירן
איך געטרײַ אים פון די קנעכל ביז שפּיץ־אױ'רן,
רו ניט, אַרבעט פאַר צען רוחות,

און קיין האָניק, ווייסטו, גיט ער מיר ניט לעקן,
ניט איך זוך עס —
בע, געגוג פֿאַר מיר אַביסל שטרוי.
אָבער יאָ, פֿאַרוואָס־זשע זאָל נאָך זײַן אַזוי,
אַז צעברעכן גלוסט זיך מײַן באַלבאָס דעם שטעקן,
ברעכט ער אים גאָר איבער מיר?
ניט פֿאַר דיר געזאָגט געוואָרן, ניט פֿאַר דיר —
דו וואָלסט דאָס ניט אויסגעהאַלטן! און וואָס נאָך:
קאַרג אים, וואָס ער שינדט די פֿעל — ער מאַכט מיר נאָך אין
האַרץ אַ לאָך!
ער באַליידיקט מיך, ער זידלט: „אָקסנקאָפּ!
לאָקשנטאָפּ!
לעקיש! פּעטעך!
עט, איך
וויל דאָס גאָר ניט נאָכזאָגן. ניט גוט —
ער פֿאַרצאַפּט מיר, ניט צו דיר גערעדט, דאָס בלוט,
עקט די יאָר —"
„זאָג איך טאַקע, פֿאַר!"
„זײַ געזונט־זשע!" „פֿאָר געזונט!"
„גריס דעם הונט!"
און וואָס מיינט איר, ניט געהאַלטן וואָרט? געהאַלטן!
מאָרגן, אָקערשט דורך די שפּאַלטן
פֿון דער שטאַל אַ שפּראָץ דער טאָג —
ס׳אייזל פֿונעם שלאָף אַ הייב, אַ טראָג,
גלײַך ווי עמעץ ראַפּטעם אים בײַם עק אַ ריס
און אַ שטעל אים אויף די פֿיס
(כאָטש דער שלאָף נאָך אַזוי זיס).
איצט שוין גאַנצע דרײַ שעה צײַט,
אַז דאָס אייזל טראָגט זיך, שפּאַנט זיך ערגעץ ווײַט,
אויף די ווײַסע, ברייטע שליאַכן,
און סע טראַכט פֿון מאָדנע זאַכן:

„בלעמס אייזל האָט גערעדט אויף זיבן שפּראַכן...
אויף אַן אייזל קומען וועט משיח,
צוועקעס וועלן בליען, שטיינער וועלן לאַכן —
אפשר טאַקע איך משיחס אייזל?.. אי־עך? אי־עך!!"
און אַ הירזשעדיקע פרייד וואַקסט הויך און העכער. —
און דער שטעקן־ברעכער,
דער באַלבאָס רב מאָטל —
ער ווו איז ער? ווו זאָל זײַן ער? אויפן זאָטל!

## אמנון און תמר

ער און זי,
חתן־כלה מיַזעלעך גאַנץ פּרי
אויף שפּאַציר געלאָזט זיך — גראָד די קאַץ אין קימפּעט איז געליגן,
נו איז ווי־זשע זאָגט מען זיך דאָס אָפּ פון פאַרגעניגן
און מע מאַכט ניט קיין פרימאָרגנדיק שפּאַצירל ?
דרייען זיי זיך שטיל צווישן פּעסעלע און טירל,
און מע שפּיצט די אוי׳רלעך, און מע לויערט נאָך אַ מינדסטן שאָרך.
פּלוצים, האָרך —
ערגעצוו אַ שפּילקעסטל, אַ שברי־כּלי, אַ צעקראַכנס,
הייזעריק סע דרייט אַ גאַסנלידל אַ צעבראָכנס.
„שטילער !״ שעפּטשעט איינס צום צווייטן, „שרײַ ניט !״
און דאָס פּאָרל שטעלט זיך אָפּעט, הערט זיך אײַנעט.
(מיַזלעך, דאַרפט איר וויסן, זענען מוזיקאַליש).
„אוי, איך שטאַרב ! איך חלש !
ניט קיין שפּילן דאָס — אַ קאַצניאַמער !..״
ער, דאָס חתנדל, וויל שרײַען. און פאַרוואָס־זשע ניט געשריגן ?
איר צוליב, צוליב זײַן כּלה׳שע, זײַן תמר.
„מילא״, טראַכט ער, „נו, געפעלט מיר ניט דער ניגון,
אָבער איר, מיר דאַכט, צום האַרץ — זאָל זײַן צו פאַרגעניגן !
זאָל איר וויל באַקומען !
אמת, ניט קיין מבינטע — דערויף אַ פּרויענצימער !
און וואָס ערגער, שלימער —
ס׳קען דאָך אין איר הערצעלע אַ חוזקל שטיל ברומען :
ער דערשראָקן זיך, מיַין גבור — פּליגן זשומען !
פּליטה וויל ער מאַכן — איז אַן אומחן אויפן שפּילן !״
שווײַגט ער און דערשטיקט אין זיך די גרינע־גאַל־געפילן. —
און די כּלה׳שע ? זי — מויל און אוי׳רן אָפן,

און די אייגלעך רעדן: סאַראַ תענוג! סאַראַ פרייד ס'איז!...
גלייבט ניט! אוי, וואָלט זי די פיסלעך אויף די פּלייצעס
און אַהיים, אַהיים געלאָפן!
און נאָך וואָס די חנדלעך?
אים צוליב, צוליב איר אמנון —ביידע אויסגעגעסן זיך די צייַנדלעך
אויפן „אהבת ציון" פון רב מאַפּו...
„מילא, מיר געפעלט ניט", טראַכט זי, „איך אַ מבינטע אַ קנאַפּע —
קיין געפיל ניט, קיין געהער;
אָבער ער —
זאָל ער שעפּן נחת!"
און גיי טו עפּעס און בעסער מאַך עס,
אַז צוליב איז אָפּטמאָל ערגער ווי להכעיס!

## דער טעלער

אַ ציגײַנערטע אַ צירקוס־מיידל,
אין אַ ווײַסן קליידל,
מיט אַ זילבערטעלער אויפן קאָפּ,
און דער שוואַרצגעדיכטער צאָפּ
ווילד צעפלאָסן און צעלאָזן —
אָט אַזוי־אָ קומט־אַרויס די נאַכט אויף שטילע גראָזן.
און אָט בלײַבט זי שטיין אין לײַבקאָליר אין ראָזן.
קומט צו פלי׳ן אַ שפּין
און צווישן ערד און הימל לאַנג און דין
ציט זי אויס אַ פאָדעם,
לאָזט זיך גיין אויף אים די נאַכט — פּחדים!
און דער זילבערטעלער אויף איר קאָפּ
פאַלט, חלילה, ניט אַראָפּ.
שיין?
קומען אָבער הינט צו גיין
און זיי נעמען בילן:
— קאָפּ אין דר׳ערד! די קונצן נאָך וואָס טויגן?
— וואַרפט אַ קאַץ איר אין די אויגן!
— גיט איר קײַען שטרוי מיט גרילן!
— וואָס־זשעווילט איר, הינט? — מיר ווילן,
ליכטיקער זאָל ווערן, העלער —
לאָמיר זען, וואָס איז אין טעלער!

## רב מײַזל־מיזל

ס'איז באַקאַנט:
ערגעץ אין אַ לאַנד,
פּונקט אינמיטן מאַרק,
זיבן יאָר צו קינד געגאַנגען איז אַ באַרג;
זיבן יאָר געקרעכצט ווי טויזנט ניט געשמירטע אַקסן
און פאַרטייבט אַ וועלט די אויערן —
און לסוף אַ מײַזעלע געבוירן.
איז דאָס מײַזעלע געוואַקסן און געוואַקסן,
ביז געוואָרן פונעם מײַזעלע אַ מויז.
גרויס,
ניט, פאַרשטייט זיך, ווי אַ באַרג,
ניט אַפילו ווי אַ בערגל,
נאָר אַ מויז געזונט און שטאַרק —
צווישן בערגעלעך אַ צווערגל,
צווישן מײַזעלעך אַ ריז.
און געהייסן האָט עס מײַזל־מיזל.
אַלע מײַז געציטערט פאַר דעם ריזל.
און אַז מײַזל־מיזל טוט אַ ניס,
ניסן מיט אים אַלע מײַז איניינעם;
הוסט ער — טראָגט אים יעדער אונטער גלײַך אַ גאָגל־מאָגל.
ווײַל צו דעם, וואָס צווישן מײַז אַ גוג־מגוגל!
זעט מען פונדערווײַטנס גיין אים —
אונטער אויערל מיטן עקל בלײַבן שטיין זקנים.
קומט אויף אַן אַסיפה — ביזקל
מײַזל־מיזל עפנט ניט דאָס פּיסקל,
קיינער ניט קיין ריר און ניט קיין פּיפּס,
גלײַך ווי אַלע טיזלעקלעך פון גיפּס.
אויף אַ חתונה, אַ בריתל —
אים דאָס בעסטע ניסל,

אָדער
אַלע עסן שאָלעכץ, ער די יאָדער.
אָבער יאָדערעס יאַק יאָדערעס — רב מײַזל־מיזל,
ווי געוויינטלעך יעדער ראש־הקהל, האָט זיך אַ קאַפּריזל:
פאַרן שלאָפן ליב אַ קוק צו טון אין „מעבר־יבוק"
און צו שמעקן טאַבעק.
טאַבעק מוז אים זײַן, כאָטש דונערט, בליצט און האָגלט;
ניט — דער שלאָף פאַרוואָגלט.
ווו־זשע איז דער טאַבעק? אין דער טאַבאַקערקע.
און די טאַבאַקערקע — האָט דער אַלטיטשקער רב בערקע.
און רב בערקע, דווקא, איז אַ ייד אַ צאַצקע:
אַז ער לייגט זיך שלאָפן,
אויפן טיש די טאַבאַקערקע לאָזט ער אָפן,
און כּל דכּפין — שמעק דיר, פּאַצקע
דיר דאָס נעזעלע, די וואָנצעלעך...
צו געזונט... און זאָלן זיך דיר חלומען
גרינגע, זיסע שמאָנצעלעך
פון געמאַרענירטע קעז־און־פּוטער־קעצלעך און פון שלום און —
פּצי! אַפּצי! האַפּצי!
וואָלט דאָך זיס געווען דאָס לעבן, אַ צוקערקע —
דאַרף זיך טרעפן, אַז רב בערקע
פּאָרט־אַוועק און נעמט זיך מיט די טאַבאַקערקע;
ניט רב בערקע, ניט די טאַבאַקערקע, ביידע נישטאָ הי —
צוויי און דרײַ און פיר מעת־לעת.
און רב מײַזל־מיזל דרייט זיך אום אַ מת —
ניט ער שלאָפט, ניט ער נעמט אין מויל אַרײַן אַ ביסן.
אַז ער חלשט, אַז ער וויל און קען ניט ניסן!
ס'איז אַן אומגליק, זאָלט איר טאַקע וויסן:
אויף שפּיץ־שפּיצל
פונעם נעזל זיצט אַ קיצל,
פונקט ווי אויף שפּיצצינגל פון אַ לץ — אַ חוזקל, אַ וויצל...

אָט־אָ שפּרינגט אַראָפּ עס! אָט־אָ —
ניין, סע האַלט נאָך ניט דערביי לעת־עתּה,
עפּעס פּעלט דערצו, אַ פּיצעלע, אַ פּינטעלע, אוי־אוי —
חולם נאָז נוי,
גוט אַזוי און רעכט אַזוי,
נאָז איז דאָ — נו ווו־זשע איז דער חולם?...
זעצט רב מײַזל־מיזל זיך אַנידער,
קעגן אים דער גאַנצער עולם,
און מע ציטערט און מע וואַרפט מיט אַלע גלידער,
און מע טרייסלט און מע הייבט די פּיסלעך —
אָט־אָ גיסן טויזנט ניסלעך
זיך צונויף איניינעם אין איין גרויסן ניס,
אָט־אָ קומט זי, די דערלייזונג, אָט־אָ קומט דער גרויסער שיס,
אָט־אָ ליכטיק אין די אויגן, אָט־אָ־אָ גייט אויף די זון —
און???

## רעדער

ציט אַ וואָגן מיט פיר סקריפּענדיקע רעדער — אַ מוזיק.
אויפן וואָגן חברה קלעזמער — אויף אַ חתונה,
צי, מיר דאַכט זיך, פון דער חתונה צוריק.
פאָרן, פאָרן קלעזמערלעך געלאַסענע,
ס'יאָגט אַ ווינטעלע אויף זיי אַ שלאָף —
אָפּגעשפּילט אַ נאַכט דעם רב
און דעם בעדער,
זאָלן שפּילן איצט די רעדער.
פאָרט מען, ביז מע קומט צום וועלדל. שטעלט מען זיך דאָרט אָפּ,
חברה קריכט אַראָפּ,
פערדלעך לאָזט מען פּאַסען, און דער עולם, ווי סע פירט זיך,
דער געלייגט זיך, דער געזעצט זיך, דער שפּאַצירט זיך.
און רב יעקב־עליע,
ער, דער ראש פון דער קאַפּעליע,
לעבן וואָגן זיך געזעסן און געטענהט
מיטן בעל־עגלה, און זײַן פידל גראָד
ער געלייגט בײַם וואָגן, האַרט בײַם ראָד.
רעדט דאָס ראָד צום פידעלע — פּאַר אַ בעלנות הערט זיך אײַנעט :
„הערסטו", זאָגט עס, „ברודערקע — (איך מיין,
דו וועסט מיך פאַרשטיין,
נאָר דו איינער — ניט אַזוי פאַרשטיין ווי פילן)
הײַנט אַ וועלט אַ פאַלשע, ברודער, אַ גענאַרטע —
פויקן, טרובעס, טאַצן גיב זיי, דזשומדזשע ווי די מילן !
איך האָב פײַנט דאָס ליידיק־פּעסלדיקע, ליאַרעמדיקע שפּילן —
ליב האָב איך דאָס ווייכע, צאַרטע,
וואָס סע בעט זיך, גלעט,
וואָס גייט איבער אויפן בײַ־קול און פאַרפאָרט העט־העט...
זאָג, געהערט מײַן זיפצעלע, מײַן קרעכצעלע ?

הײַנט מײַן איבערקאַטשן זיך, דאָס יעכצעלע —
קונציק, האַ? נאָר וואָס... אַ שטיקעלע חסרון —
(עד, ניטאָ קיין מזל, דאַרף מען ניט קיין יאָרן!)
ווער פאַרשטייט מיך און וואָס האָב איך פאַר אַ ווערט?
אַז איך שפּיל פאַר פערד!
פון דער שקאַפּע אָפּגערעדט, אַ גאָלע גאָרניט —
שפּיל איך, זי גאָר ברוגז וואָס איך פאָר ניט.
און דער קאַשטן —
גאָר אַ גאַנצער ווערטל־זאָגער, קליגערט זיך: „וואָס רעשט'ן?
אַז אין העלדזל טריקנט, מיט אַביסל פּאַקרע וואַשט'ן!"
מוחל! עט, אַ פערד בלײַבט פערד, איך זוך בײַ אים קיין כּיבוד.
ס'אַרט מיך נאָר — סע גייט דאָך מײַן טאַלאַנט לאיבוד!"
„זאָל ער!" זאָגט דאָס פידעלע גלײַכגילטיק, „קיין סכּנות!"
(ע, ניט איידל!)
אָבער ניט געפאַלן איז בײַ זיך דאָס רעדל.
„נאַריש!" זאָגט עס, „פרעגט נאָכוואָס געטון עס —
בײַ אַ קאָנקורענט געזוכט רחמנות!"

## פליגן

מיר דאָס מעשהלע דערציילט אַ גרויסער שקרן
און אַליין געזאָגט: איך זאָג אַ ליגן.
איז אַ סימן, ס'איז אַן אמת. — בײַ די פליגן
גאָר אַ ווילדער קאָפּ באַוויזן זיך, אַ חקרן —
אויסגעפונען ער, אָן ליבע האָט דאָס לעבן ניט קיין זין
און אַ פליג מוז ליב האָבן אפילו אויך די שפּין.
מיט זײַן אייג'נעם שׂכל ער דערצו דערגאַנגען. און אַ חוץ
זיך דערגרונטעוועט צום שורש, וואָס פון אים די צרות גרינען:
פליגן טרײַבט מען ניט אומזיסט, חלילה, זיי פאַרדינען.
אַז מע פליט־אום בטל! אַז מע ברענגט קיין נוץ!
אָט, ווען פליגן מאַכן האָניק ווי די בינען,
דעמלט, דעמלט —
און אַ נחתל אין חכמס אייגעלעך זיך פלעמלט.
ניט געוואַרט און דורכן פליגל „מיקל־שיקל"
ער צעשיקט אַ רוף אין ווו אַ געסל, ווו אַ ליקל,
אין די הויכע פּאַלעצן ווי אין די הײַזעלעך די קליינע,
אין די שמוציקע ווי אין די ריינע־שיינע:
„מירטשעם פסח שני
אין אַלטן ביקור־חולים
אַן אסיפה. ווער סע קומט, אַז וויל אים!"
און דער אויפרוף אַ געשריי אין מדבר ניט געבליבן.
אַקוראַט צום טאָג אין הקדש זיך צונויפגעקליבן
מחנות זשומענדיקע, שוואַרצע.
דאָרט אין קיך דער חכם אָפּגעוואַרט זיי
און אַרויס מיט אַ געטאָקטער וויץ־פאַרבראָקטער רעדע.
קוים געענדיקט, זיך צעוויגט די שוואַרצע עדה —
אַ געזשומערײַ:
— האָניק מאַכן? יאָ, כּדאַי!

— גרינג צו זאָגן: מאַכן... פרעגט, פון וואָס ?
— ווייסט ניט ? האָניק מאַכט מען דאָך פון גראָז !
— ניין, פון רויזן און פון אינדיקזאָמען !
— זאָל די שפּין זיך אַזוי וויסן פונעם נאָמען !
האָניק מאַכט מען גאָר פון טרויבן ! דאָס דער עיקר !
— יאָ, יאָ, טרויבן ! טרויבנזאַפט פאַרטרײַבט דעם אומעט !
— ז־ז־זאָל גאָט היטן (זיך אַ היקעוואַטע פליג צעזשומעט)
טרויבנז־ז־אַפט מאַכט ש־ש־שיכור !
— פון וואָס דען־זשע ? זאָג־זשע ! בעבע !
— פּ־פּ־פון קעבעבע !
— טו אַ קוק ! אַ היקעוואַטער רבי !
— עז־ז־זות־פּנים ! ממז־ז־זר !...
און געווען איז דאָרט דאָס פליגעלע פון טיטוס
(ס׳האָט אַ פּיסקעלע פון קופּער און מיט שטעכווערטעלעך שיט עס),
לייגט עס פאָר: היות דער חכם זיס גערעדט, באַטעמט זיי׳ר,
זאָל מען מאַכן האָניק פונעם חכמס זיסע ווערטער.
— שטילער, שטילער, זעצט זיך אויסעט אויף די ערטער !
— שרײַט ניט „שטילער״, וועט שוין שטילער זײַן ממילא !
— אוי, פאַרפאַלענע ! אַ פאָלק פון גנבה־גזלה ! — —
און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג אַ הסכם ערשט געבליבן,
אויף די הקדש־ווענט מיט פליגן־כּתב פאַרשריבן:
„יאָר בײַ יאָר אסיפות צוויי פון פליגן פרומע, ווילע,
חוץ דעם אַן אסיפה גדולה
איינמאָל אין אַ שמיטה,
אויב ניט מיגלעך זײַן אין פּוילן, איז אין ליטע —
ביז געפינען וועט מען סוף־כּל־סוף
גאָר דעם בעסטן האָניקשטאָף״.

און פון דעמלט — קומט דער זומער,
הייבט זיך אָנעט מיט זשום־זשום ער:
פליגן זשומען, פליגן רעשן,
און מע האַלט זיך מיט די הינטערפּיסלעך אין איין וואַשן —
שטורעמס אין די פלאַשן —
מע אסיפהט און מע פליט אַהער, אַהין, —
נו, און האָניק? גייט, זײַט מוחל, צו דער בין!

## דער פליפיש

אַזוי ווי בײַ מענטשן, אַזוי אויך בײַ פיש און בײַ חיות און עופות.
איז אויכעט אין וואַסער פאַראַן אַ בעל־שם, אַ בעל־מופת —
דער פליפיש. דערמאָנט ער אין ריינקייט דעם הייליקן שם,
און מיט די פליס־פעדערלעך פעסטער אַ נעם,
און הייבט זיך אויף העכער צען טפחים פון וואַסער צום הימל אַרויף,
און טובלט זיך דאָרט אין אין־סוף,
און קומט זיך צוריק צו די פיש,
און טובלט אין ים זיך, און פראַוועט אַ טיש,
און זאָגט פאַר די קאַרפּנקעפּ תורה:
„איַי, בורא מאורי
האש!
וואָס ווייס'מיר, וואָס זענען מיר — וואַסער און פלייש!
און בלינדע מיר גראָבן אין אָפּגרונטן לעכער!
נאָר אָבער, אַז טוסט אַ טו־אויס זיך פון זינדיקן בויך, —
פון גאַנצן דעם גשמיות אויך,
און הייבסט זיך אויף העכער פון העכער —
פאַראַנען מדרגות נאָך העכער פון הויך! —
ניטאָ דאָרט קיין וואַסער, נאָר עפּעס אַ גאָרניט,
וואָס איז כּולו גאָר, און מע טאָר ניט,
מע קען אים ניט גיבן קיין בילד און קיין נאָמען —
אַ ניין, וואָס איז מערער פון יאָ, אַ „מסתּם כּל מסתּמין":
דו פליסט דיר אַרום דאָרט אין ליכטיקער וואַרעמקייט
און ציטערסט אין זיסער דערבאַרעמקייט —
אַ גאָטס אַ רחמנות!
און זעסט אונטער דיר דעם שטאָק־חושך, וואָס הילט דעם אוקינוס,
און זעסט ווי נשמהלעך, דרייענדיק רינגען,
זיך באָדן אין גלאַנציקן נחת און זינגען

געזאַנגען זיס־זיסע,
און הייבן די פליגעלעך העכער צום כסא
פון לבנת־הספיר,
וואָס אַלע די פערל פון ים
פון אים ניט אפילו קיין אָפּגלאַנץ קיין קנאַפּער!
און אָמן ואָמן — אַזוי דאָס! אַזוי דאָס! אַזוי דאָס!"
און ס׳הערן זיך איַין מיט אַ דבקות די פיש אין די סודות,
און ס׳נעמט זיי אַרומעט אַ וואַרעמער שטראָם,
וואָס גליַיך ווי פון האַרץ פונעם ים ציט,
און שטיל שטיל אַ ניגונדל פישיש מע באָמצעט —
סע פלאַטערן בולבעלעך גרינגלעך אַרום זיי׳רע ליפּלעך,
די פרומע מיט תּמימות פאַרזיגלטע קניפּלעך...
און איינער אַ פיש אַ היַינטוועלטיקער דאָרט,
וואָס גלייבט אין דריַי זאַכן נאָר: ווערעמלעך, ליבע און ספּאָרט —
ער חידושט זיך, חוזקט און לצט:
„די פינצטערע קרעפּטון, זיי ווירקן נאָך יעצט?!
אַז צוויי מאָל צוויי פיר שוין באַרעכנט די פיש־מאַטעמאַטיקער —
און נאָך עקזיסטירן פאַנאַטיקער!"

## חי געלעבט

ווער רעדט ?
צאַפּעט צוויי. מע רעדט, מע מעלה־גרהט :
— מע־ע ! מה אָנו, מה חיינו ?
נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך, נאָך איינע און נאָך איינע,
נאָך אַ צווייטע, נאָך אַ דריטע —
און דערנאָך וואָס ? סוף בּהמה — צו דער שחיטה !
— בע !
שחיטה — מילא !... מע !
ס'איז אַ גורל —
מ'איז געגאַנגען און מע וועט ערשט גיין דורכן טוי'רל.
אינדערווײַל וואָס מיינסטו טוט מען, וואָס ?
אַז מע לעבט, איז לעבט מען און מע קײַעט גראָז.
— גראָז ? מיט גראָז פאַרשטעקט מען אַלע לעכער ?
— איז דיר ווייניק, שפּרינגט מען העכער,
און מע צופּט, מע קײַעט שטרוי פון דעכער !
קײַען, ברודער, איז ניט הבל !
עי, וועל
איך באַלד שפּרינגען און וועל צופּן און וועל רײַסן, רײַסן !
— און מע וועט דיך כאַפּן ! און מע וועט דיך שמײַסן !
שמײַסן ? בע ! אַזוי אָדער אַזוי,
איינמאָל לעבט מען — קײַ־זשע שטרוי !

## צווײ אײזלעך

— גוט מאָרגן, רב אײזל! גוט מאָרגן, גוט יאָר!
— וואָס הערט זיך עפּעס גוטס?
— עט, בע... ניט גאָר!
געמײנט, כ׳וועל עפּעס אויפטון, ברענגען נוץ
פאַר זיך און פאַר דער וועלט,
איך וועל צעאַקערן דאָס פעלד
פון אונדזער וויסנשאַפט —
אַז הפקר! אַז סע הערשט אַזאַ צעריסנשאַפט!
זאָגט דער אַזוי און נאָר אַזוי,
איז קומט דער אַנדערער און זאָגט קאַפּויר.
און בײג דיך צו, איך וועל דיר זאָגן אויפן אויער:
זאָל גאָט זײ מוחל זײַן, זײ קײַען אַלע שטרוי!
אַז מע רעדט זיך אין דער וועלט אַרײַן, השערהלעך,
בויך־סבֿרהלעך,
מע שפּינט, מע דרײדלט און מע דראָטלט!
איך וואָלט זיך ערשט אַ נעם געטון, זיך אָנגעזאָטלט,
איך וואָלט אַרויסגעלאָזט אַ ספר „אבן־אזל" —
דער ערשטער חלק וועגן בלעמס אײזל,
און פעסטגעשטעלט, ווי צוועקעלעך אין דער פּידקאָווע,
דאָס אײזל וויפל טעג געפאַסט, און אויפגעפאַסט נאָר מיט פּאָלאָווע,
און וויפל ס׳האָט געהאַט אין ווײדל האָר,
און ווען געבוירן, ווען געשטאָרבן — ס׳יאָר,
דעם טאָג, דעם חודש,
אַפילו אויך די שעה —
עד היום וועגן דעם קײן ריכטיקע ידיעות נאָך ניטאָ.
און אַז גערעדט יענץ אײזל לשון־קודש,
איז מוז מען וויסן אויך וואָס פאַר אַ הברה —
וואָליניש, אשכּנזיש, אָדער ספרדיש מיטן פּתח;

בײַ מיר איז דאָס אַ זאַך אַ קלאָרע,
אַז בלעמס אײזל נאָר גערעדט אויף ספרדיש — אשכּנזיש האָס איך!
דערנאָך דער צװײטער חלק —
הײליק!
כ׳רעד דאָרט װעגן אײזל פון ר׳ פּנחס
בן יאיר:
װי אין מדבּר װאַסער פּרישס געפין איך עס,
אַז יענער צדיק ניט געװען קײן װײַסער, נאָר אַ גראָער.
דערנאָך ערשט נאָך און נאָך.
— איז װאָס־זשע שװײַגסטו, ברודער? — אָך, אָך, אָך!
אַז שטענדיק נאָר אין יאָך!
און װאָס אי׳?
פּרנסה, זינדיקע פּרנסה! —
דאָ בײדע אײזלעך שטיל אַראָפּגעלאָזט די אױ׳רן
און, שאָקלענדיק די מאָרדעס טרױעריק, באַדױ׳רן:
צוליב אַ נאַרישקײַט אַזױפיל חכמה גײט פאַרלױרן!

## דער ברוגזער דאַך

כּעס, ווייסן מיר דאָך, איז עבודה זרה;
אָבער מיטן דעכל פון רב שלמהס הײַזעלע אַ צרה —
בייז, סע גייט אַ רויך אַזש פון זײַן נאָז,
פונעם קוימען.
און פאַרוואָס?
טענות האָט עס צו רב שלמהן.
הערט אַ מעשה: שלמהס דעכל
האָט באַקומען ערגעצוווּ אַ לעכל,
אָדער צוויי, צי אַפילו דרײַ, — און אַז פינעף, פופצן, זעכצן,
נו, באַדאַרף מען רופן שוין דאָס דעכל רעשעטע און קרעכצן?
און וואָס ערגער נאָך — דערציילט ניט קיינעם! —
קוים וואָס עפּעס, ווייסעד, אויפן הימל אַ יריד,
בוידעם, קלאָץ, אַ כמאַרעלע — ווו טרעפט זיך ניט? —
ער אַוועק, ער ליגט שוין איבער בײַ די שכנים!
מעג ער זיך ניט שעמען?...
רעדט זיך אויס דאָס דעכעלע דאָס האַרץ. פאַר וועמען?
פאַר דער טויב, מיר דאַכט זיך.
הערט די טויב, פאַרטראַכט זיך,
און זי זאָגט: „אַ לעכעלע אין דאַך? דאָס מאַכט זיך —
ניט געפערלעך!
און רב שלמהלע? איך קען אים — פרום און ערלעך.
אָבער הער, צו זאָגן דיר איך האָב:
ווילסטו ניט, ער זאָל אַנטלויפן, וויין ניט אויף זײַן קאָפּ!"

## דער האַרבסטטאָג און דער זייגער

אפשר ווייסט איר, זאָגט מיר, ברידער,
וואָס דרייט־אום זיך ווי אַ נעכטיקער אַ טאָג אַ מידער
אויף דער גאַס ?
האַרבסטיק קויטיק, קראַנק, פיטשנאַס,
וואָלט ער בעסער אויפגעהאַלטן זיך ווי יענער חכם אין אַ פאַס,
אָדער ווי אַ דיבוק אין אַ וויַסן בער פון קאַלטן צפון,
צי גאָר אויף אַ וואָלן כמאַרעלע געלייגט זיך שלאָפן
און ערשט אויפגעשטאַנען מיט די אויגן גלאָצן,
ווען אויף די דאָלאָניעס האָר וועט שפּראָצן —
ניין, ער וויל נאָך לעבן ! לעבן וויל ער גאָר !
ציען נאָך אַזוי און ציען כאָטש אַ יאָר,
נאָך אַ יאָר מיט זיך אַזוי די וועלט פאַרגראָען !
און איז ברוגז אויפן זייגער, וואָס ער ציילט אים זייַנע שעהען :
„אין געציילטן איז די ברכה דאָך ניט שולט —
שוין ניט איין טאָג אונדז דער זייגער אָפּגעקוילעט !
קיינער ניט ווי ער אַזויפיל שעדלעך !
פול מיט שפּיצעלעך און דריידלעך־רעדלעך,
רעדט ער שטיל, זיס־אומעטיק, אייגטאָניק —
טיק־טאַק, טיק־טאַק, טיק־טאַק, ווי די טראָפּנס האָניק,
ביז סע נעמט דיך שלעפערן און לאָזט־אַראָפּ די ברעמען,
ווייסטו ניט פונוואַנען און פון וועמען,
רוקט זיך אָן אויף דיר אַ שוואַרצע מחנה
און מע כאַפּט דיך, טראָגט דיך צו דער באַבע יאַכנע,
נעמט זי און פאַררוקט דיך אינעם טשאָלנט פון די אַלטע שקראַבעס
פון איר באַבעס באַבעס באַבעס —
בלייַבט די וועלט פאַריתומט, איז דאָס האַרץ דיר שווער,
ווייסטו שוין ניט וועמען צו באַדוי'רן מער,
צי די וועלט, צי זיך אַליין..."

ברומט דער אָסיסטענט, פֿאַרלירנדיק אַ טרער.
„הער!"
קלינגט דער זייגער, „אויב די וועלט דײַן עיקר־מיין,
זאָלסטו גיין!
גיין און שוין ניט קומען מער, געדענק!
און למען השם, ניט בענק,
ווײַל נאָך דיר אויך וועט ניט בענקען קיינער!
נאָסע האַרבסט־טעג עסן־אײַן זיך אין די ביינער,
און זיי מיינען
גאָר, די וועלט וועט נאָך זיי וויינען!"

## דער זאַק

אויפֿן גאַנצן דרויסן אויסגעצויגן זיך אַ טאָג,
און ער רירט זיך ניט פֿון אָרט, כאָטש הרגע, שלאָג,
צי אַפּילו קוילע!
די ידים אין די ווײַסע העמד־אַרבל די הוילע
ער פֿאַרוואָרפֿן זיך צוקאָפּן,
און צור באָרוועס־שיקסע,
וואָס בײַם וואַסער מיטן פֿראַלניק הילעכדיקע קיש אים שיקט זי,
טוט אַ זאָג ער: „מיר אין קאָפּ ניט קלאָפּן!"
אויפֿן שטערן חנדלט זיך אַ שמייכלדיקער טראָפּן
צו אַ לאָק פֿון זײַנע ממזרישע לאָקן.
שטיל ווי אַ גאָרניט. אין די אוי'רן קלינגען גלאָקן.
וואַרפֿט ער, ליגנדיק, אַראָפּ די זאָקן —
איין פֿוס העלפֿט דעם צווייטן פֿונעם זאָק זיך צו באַפֿרײַען.
נעמט דער ווײַסער זאָק צום הימל שרײַען:
„פֿאָטער, טאַטע!
זע, וואָס בין איך עס בײַ אים — אַ נאַסע שמאַטע!
איך —
שעמען זאָל ער אין זײַן גראָבן פֿינגער זיך! —
מיך די זון מיט גינגאָלד־שפּיסעלעך געשטריקט!
און פֿון וואָס? פֿון שטראַלנקנויל, וואָס גליקט
נאָר דער שטילער נאַכט אין שויס אים אויסצושפּינען
און זײַן נאָמען „שטערן פֿון באַגינען"!
און דערנאָך אין מילעך פֿונעם מילכווע אויסגעוואַשן מיך פֿונק־פֿונק!
ערשט — געפֿעל איך ניט דעם וו'ילן־יונג!
טאַ, וואָלט ווי אַ מענטש ער כאָטש זיך אָנגעבויגן
און פֿאַמעלעך, איידל מיט דער האַנט אַראָפּגעצויגן —
ניין, ער רײַסט גאָר מיטן נאָגל!

הימל! דונער, בליץ און האָגל!"
און דער הימל הערט די טענות פונעם זאָק
און ער קושט די פּיאַטעס פונעם טאָג.

*

סטײַטש? ניטאָ אין הימל קיין גערעכטיקייט?
ווער זאָגט? ווער רעדט קעגן זײַן אַלמעכטיקייט?
וואָס־זשע דען? חן —
דאָס איז די גערעכטיקייט אַליין!

## דער בעל־רחמים

נאַקעט, באָרוועס, אין איין העמד,
האַלב דערשראָקן, האַלב פאַרשעמט,
ווי אַ קינד,
וואָס, פאַרפאָלגט פון בעסטיע פון רויער,
זיך גראַנגלט ערגעצוו: אונטער אַ מויער
און זיך אויסגעריסן אָקערשט פון דער נעץ פון זינד —
די לבנה שווימט אַרויס אין בלאָע טײַכן טרויער.
סע צעשרויפט דיך, סע צענעמט.
דאַרפט איר מער: דער אשמדאי, אים אויך בײַם האַרץ פאַרקלעמט!
אײַנגעהילט אין זיבן נעכט און אָנגעשפּאַרט אויף שווערד,
שטייט ער פאַרן גיהנום־טויער און ער קלערט:
„צער, טרויער — דאָס דער גורל דער לבנהס,
און דער גורל מײַנער — קללות.
צער, טרויער היילט מען מיט רחמנות;
האָב רחמנות איך, באַווײַז איך כאָטש איינמאָל עס —
און געבענטשט וועט זײַן מײַן נאָמען.
המן!"
טוט אַ גרילץ ער און אַ פּאַטש מיט שוועבל־פליגל,
אַזש דער גיהנום שפּרינגט שיעור אונטער,
„המן! (דעם בעל־דברס גבאי, זײַן געטרײַער הונט ער)
תּיכּף אויפריגלען דעם ריגל
פון שוואַרציאָר! אַרויסלאָזן די מאַמע
פון בייזוווּנדער און פון ליקוי־חמה!
און אַ פּחד אויף דער זון שיק און אַ וויסטקייט אין איר מינע!
זון, לבנה — גלײַך! אויס קנאה־שנאה!
נעבעך, נעבעך, די לבנה אַ פאַרשעמטע שכינה!"
„האַלט!"
הילכט אַ דונער אַ צערודערטער, יאָגט־אום און קנאַלט,
„רשע! וויפל ניט פאַראַן סכּנות —
נאָר די גרעסטע, אַז דו ווערסט אַ בעל־רחמנות!"

## דאָס פּאַרפּאָלק

גאַנץ קאַיאָר, ווען העכער הויז
זיך צעבליט די רויטע רויז,
וואָס די מענטשן רופן זון,
זאָגט דער האָן
„רויטער מאָן"
צו זײַן „ווײַסער ליליע", דער הון:
— קום, זוגתי קריינע!
דאָ דאָס לעבן דאָך אַ מוטשעניניע, לא עלינו,
גיין דאָ קען מען דאָך צו גרונט!
קיינער ניט קיין פרײַנד דיר, ניט די קאַץ און ניט דער הונט —
אָפּגערעדט שוין פונעם קאָטער.
און די מענטשן — צוצולייגן צו אַ בלאָטער!
דאַכט זיך, וואָס? אַזוי זיך גאָר קיין שלעכטע ניט, חלילה! אדרבא!
— אַלע טאָג מיט זיסע ברעקעלעך אונדז שפּײַזט די באַבע!
— ווינטשן מיר איר עולם הבא!
נאָר דאָס האַרץ, סע שרעקט זיך, אוי, סע שרעקט זיך קעגן ווילן —
הערסט, דעם מענטשנס געטרײַשאַפט אַרגער מיר נאָך פונעם
כּלבס בילן!
קום־זשע, קריינע, קום פונדאַנען! —
קום איז קום.
(אַנדערש ווי דער האָן די הון, חלילה, קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען!)
גייט מען, גייט מען, דרייט מען זיך אַרום
און מע זוכט דאָס לאַנד פון גליק,
ווו סע הערשט די קלאָרע ווײַסע ציג,
וואָס באַווײַזט אין חלום זיך צו יעדן פרומען קינד,
און קיין מענטשן זעט מען דאָרט ניט און סע בילן ניט קיין הינט.
שפּאַנט מען, שפּאַנט מען. אינדערווײַל אַ ווערעמל אַ פּיק,

און פּאַוואָלינקע אַהין, אַהער —
נאָך אַ ווערעמל, נאָך אַ קער,
ניט געאײַלט זיך, פּאָרויס, פּאָרויס — אָט פֿאַרבלאָנדזעט גאָר צוריק.
גוט און ווויל. וואָס דאַרף אַזאַ פּאָרפּאָלק דען מער?
עסן ווערעמלעך און זוכן גליק,
ביז דער חלף קומט און — כיק!

## דער האָן און דער אינדיק

„וואָס איז דאָס מיט דיר פאַר אַ צרה?״
געזאָגט האָט צום האָן בר־כּפּרה
דער אינדיק רב בלק בן־צפּור —
אין קאַמער בײַם שוחט רב זיידע
געזעסן דאָרט זענען זיי ביידע,
און ווען? סוף סליחות־צײַט, ערב יום־כּפּור.
„נו, שטילער! נו, שווײַג!
וואָס קרייסטו, צעטראָגסט אַזש די שטײַג?
דעם שוחט גאָר וועקסטו? וואָס איז? ער זאָל אויפשטיין באַקוקן
זיין חלף, צי איז ער נאָך שאַרף
אַזוי ווי מע דאַרף?
זאָל שלאָפן דער קוילער! אין שלאָף נאָר איז ער ניט מסוכּן!״
„אין שלאָף נאָר — אין שלאָף נאָר —״ געשאָקלט דער האָן מיטן פּײַ׳ריקן מיצל,
און העכער צעקרייט זיך, מיט כּוח.
(דערהערט פון אַ שכנס אַ בוידעם אַ קריי און געטון אים אין העלדזל אַ קיצל,
נו, ווײַזט ער: איר קרייט דאָרט אַזוי מיר — איך קריי דאָ אַזוי אײַך!)
„דו שווײַגסט, דו בן־פּיקהאָלץ? איך זאָג דיר ניט זינדיק!״
זיך בייזערט און פליקט אים דאָס מיצל דער אינדיק.
„לאַז־אָפּ! אוי, לאָז־אָפּ!״ בעט דער האָן זיך, „נאָכוואָס־זשע מיט כּעס?
גאָר וועקן דעם גזלן? חלילה־וחס!
אַן אומגליק! אַ צרה! אַ חלף! איך וויל ניט, נו־נו —
קוקוריקו!״

# די מיל

אומגעקוקט האָט זיך די מיל,
אַז ניט גוט — זי מאָלט צו פיל.
פע, וואָס צו איז איבריק, ווייסט דאָך יעדער —
שוין אַ פשיטא צו פיל מאָלן, דרייען רעדער.
אַז מע מאָלט אַ סך, איז מאָלט מען דאָך ניט שטענדיק ווייץ.
איר פאַרשטייטס!
פאָכט זי מיט די פליגל, טענהנדיק צו באַרג און טאָל:
„כ'האָב געוויינט זיך שוין צו מאָלן, מאָל איך, מאָל.
וואָס, איך מאָל ניט ווייניק קלײַען? יאָ, איך פיל עס.
וואָס־זשע זאָל איך טון? אַזאַ רגילות!
כאָטש, מיר דאַכט זיך, אַ רגילות ניט קיין אײַזן, ניט קײַן שטאָל —
אַ רגילות קען מען ברעכן.
האַ? ווי מיינט איר? מיר אַמאָל געזאָגט אַן אַלטע מויז
(קײַעט ספרימלעך אין שכנס הויז):
„אַ רגילות איז אַ צווייטע טבע". נו, איז וואָס? איך רעכן,
אַז אַ טבע קען מען אויכעט ענדערן.
פרעגט, זײַט מוחל, אונדזער מילנער סענדערן:
ר'האָט געהאַט אַ מיאוסע טבע,
ז'האָט געהייסן שרה־שבע —
ער גערופן זי „מײַן מילשטיין אויפן האַלדז" —
פלעגט זי אויכעט מאָלן, קלאַפּן, קלאַפּן, שיטן
אויף די ווונדן זײַנע זאַלץ.
וואָס־זשע מיינט איר, וואָס? ער האָט זי ניט געביטן?
יאָ, געביטן. איצטער האָט ער שוין אַ נײַע,
הייסן הייסט זי שיינע־חיה —
ניט קיין מילשטיין, נאָר אַ טײַבל.
וואָס? דאָס ניט קיין טבע, זאָגט איר, נאָר אַ ווײַבל?

רעדט ניט! טבע, טײַבל, װײַבל — סאַראַ חילוק?
איך אַליין געהערט, געזאָגט רב סענדערל צום שכן הילעק:
„הערסט, אַ װײַב אַ קליפּה — װי אַ מיאוסע טבע! װיליק צי
ניט װיליק,
װעסט זיך מיט איר מאַטערן און מאַטערן —
מיטן טויט װעסטו זי פּטרן!"
נו, איז װעט מײַן טבע אויכעט שטאַרבן מיט דער צײַט,
װי אַ װײַב אַ קליפּה שטאַרבט בײַלײַט".
שמייכלען, הערנדיק זי, בערג און טאָלן.
און די מיל זי מאָלט און מאָלט, װאָס מער זי קלאָגט זיך אויפן מאָלן.

## פערדלעך

שטייען פערדלעך צוויי און מאָלנדיק בײַם זשאָלעב מיט די ציין
איינייננוועגס אַ שמועס מאָלן זיי — מע פלאַפּלט.
„שוין! ניטאָ שוין קאַשטן, ניין!
ווי ער האָט געוואָרפן זיך, געציטערט און געצאַפּלט,
ביז אויף אייביק ער פון וואָגן זיך באַפרײַעט!"
זאָגט אַ פערדל קרעכצנדיק און קײַעט.
אָך, אָך!" זאָגט דאָס צווייטע און סע הערט ניט אויף צו מאָלן,
„אָך, ער שטייט מיר פאַר די אויגן, קאַשטן!
אָט אַזוי איינייִנעם מיט אַ חבר לויפּט'ן, רעש'טן,
איבער בערג און איבער טאָלן,
פּלוצים נעמט ער, לייגט זיך גאָר אינמיטן וועג אַנידער —
טפּררר! און זײַט געזונט! און פאָרט אָן מיר שוין, ברידער!
נאָר וואָס זאָגסטו אויפן היי? „געמיין, נאָר בעסער ווי אַ הֵא
אין סידור".
„יאָ, נו, פון אַ הֵא אין סידור ווערט דער קאָפּ דאָך האַרט —
דו גערעדנקסט דאָס מעשהלע, וואָס קאַשטן אונדז אַמאָל דערציילט?"
„פרעגסט נאָך? אָט־אָ שטייט ער, רעדט, די ווערטער ציילט.
„איינמאָל", זאָגט ער, „קום אין שטאַל איך, זאָגט באַלבאָס מיר:
וואַרט,
כ'וועל הײַנט ווײַזן דיר אַ הֵא אין סידור!
גייט־אַוועק, די טיר פאַרשפּאַרט,
און די גאַנצע נאַכט דאָס האַרץ מיר קידער־ווידער —
מעסערלעך אין בויך געשניטן!"
„נעבעך, וואָס בײַם לעבן ער זיך אָנגעליטן!"
קײַענדיק געזאָגט דער ערשטער,
„וויפל טעג געהונגערט, ניט געזען אַ גערשט ער!"
„און די בײַטש אין רעגן אַ פאַרחלשטן אים אַלץ געטריבן!"
מאָלנדיק און זיפצנדיק דער צווייטער צוגעגיבן.
און אַזוי באַדוי'רנדיק און קרעכצנדיק די פערדעלעך געקײַעט,
ביז דאָס היי אין זשאָלעב ניט געסטײַעט.

# דאָס העמד און דאָס רעקעלע

שטילער, קלאַפּ ניט, צינגל פונעם גלעקל —
עפּעס רעדט דאָרט עמעץ!
ווער? דאָס העמד צום רעקל.
— איך בין, זאָגט עס, קלאָר! ניטאָ אויף מיר קיין שמץ
פון קיין שמוץ, קיין שפּרענקעלע —
זאָל גאָט היטן! שפּרענקעלע איז קרענקעלע!
מעגסטו טאַקע, רעקעלע, זיך שעמען!
— איך? פאַר וועמען?
— נו, פאַר מיר, פאַרשטייט זיך! איך בין ווײַס, דו שוואַרץ.
ניט אומזיסט בין נענטער איך צום האַרץ!
שוואַרץ איז בלאָטע, ווײַס — אָט דאָס איז, ברודערל, אַ פאַרבל!
— האָב איך דיך אין אַרבל!
(זאָגט דאָס רעקל) ווייס:
דו ביסט נאָנט צום האַרץ, זאָלסט אײַנזאַפּן זײַן שווייס!

## רב בערלס הויזן

פאָרן דאַרף רב בערעלע קיין פויזן,
אָבער אַ מניעה. וואָס? מע טאָר ניט זאָגן,
סײַדן אויפן אויער: אָפּגעטראָגן
ער די הויזן,
טאַקע שטאַרק!
גייט ער אַ מציאה זוכן אויפן אַלטן מאַרק,
און געטראָפן גראָד בחצי־חינם
פּלודערן אַ פּאָרל פון געוואַנט פון גרינעם,
שטײַפע, שפּאָגלנײַע. נאָר וואָס דען —
לאַנג, צו לאַנג. בכן?
לאַנג פון קורצן — ניט פאַר אונדז,
קורץ פון לאַנג — אַ קליינע קונץ!
קומט אַהיים ער, בעט זײַן סערל:
„נעם, זוגתי־קרוין, דאָס שערל,
מיטן שערעלע די הויזן האַקן —
כאַפּסטו קיש אין יידע באַקן!"
מוז זי אָבער מאָרגן באַקן.
גייט זי צו דער שכנה ציפּל
לײַען דאָרט דאָס נײַע זיפּל,
און זי ווערט שוין דאָרט פאַרפאַלן —
זי צו פלאַפּלען ניט קיין קליינער בעלן.
בעט זײַן שוויגער ער, די אַלטע זלאַטע —
וויל זי שלאָפן לעת־עתּה,
קען אים איצט ניט דינען.
פּרוּווט זײַן טעכטערל ער בעטן, דינהן,
איז זי טרוד, זוכט דאָס קעמל,
האָט קיין צײַט — מע שפּילט היינט „קוניע־לעמל".
וואָס־זשע טוט ער, בערל?

כאַפּט אַליין דאָס שערל,
שנײַדט־אַרום, באַזוימט די עקן,
מעשה חיט,
און געלייגט זיך, ניט געהײַעט —
מיט די זאָרעס קומט דער בעל־עגלה וועקן.
ער גאָר אײַנגעשלאָפן — זי דאָ מיטן זיפּל,
בײַסט פּאַר בושה זיך דאָס ליפּל:
„בערל וועט דאָך נעבעך זײַן גערעכט —
נײַן מאָס רייד, דאָס מלבוש ניט פאַרריכט!"
כאַפּט דאָס שערל, שנײַדט, אויף גיך מיט דריבנע שטעך פאַרוואָרפן —
וואָס־זשע דען, זי קען ניט? וועלן דאַרף זי נאָר!
אָפּגעפּאַרטיקט און געלייגט זיך. (מיד, און אויפשטיין מוז זי
הײַנט קאַיאָר;
גוט וואָס דינהלען די טיר ניט עפענען באַדאַרפ'ן —
מיטגעגיבן איר דעם שליסל).
נעמט עס ניט — אַזויפיל מיט אַביסל,
קומט־אָן דינה
און דערזעט די פלודערן די גרינע:
„יאָ, געבעטן עפעס דאָך דער טאַטע..."
אַ געטרײַע טאָכטער — באַלד געכאַפּט, אַרומגעקערצט, אַרומגעבויגן,
און דערנאָך ערשט שלאָפן — שוין געקלעבט זיך איר די אויגן.
דינה אײַנגעדרימלט, שטייט שוין אויף די אַלטע זלאַטע.
(דינה ליב זיך צו באַרימען:
„קיינמאָל לייג איך זיך ניט שפּעט, אַ סימן —
גיי איך שלאָפן, שטייט די באָבע אויף, און זי
אויפשטיין שטייט זי תּמיד פרי.")
זיך געוואַשן, אָפּגעזאָגט די אַלטע מודה
און צו דער עבודה —
שנײַדן!
(פײַנט די אַלטיטשקע צו זיצן ליידיק, סײַדן

ניט מיט אַלעמען זי, חס ושלום).
און רב בערעלע? אין חלום
האַנדלט, קויפט בזיל־הזול
בכל־מכל־כל!
און פון אַלע די חלומות און מציאות —
פלודערן גאָר ביז די קניעס!

## צווײ פּעדעם

ערגעץ אין אַ פרעמדן געגנט
מיטן שוסטער־פּאָדעם זיך דער רויטער פּאָדעמזייד באַגעגנט.
כאָטש דער שוסטער־פּאָדעם פּאַר קיין גרויסן יחסן ניט געשמט,
זיך דערפרייט מיט אים דער רויטער — אין דער פרעמד
איז דער מינדסטער גרוס אַ שטרודל.
גערן
איז דער רויטער פּאָדעמזייַד צו וויסן, עפּעס הערן,
וועגן דעם און וועגן יענעם:
„וואָס טוט שער־און־אײַזן, פינגערהוט, רב נאָדל?"
„וואָס? רב נאָדל? ניט איך קען אים!
איך וואָלט גערן וויסן, וואָס עפּעס דער יחוס דעם פּאַרשוינס.
יאַקבע, זאָגט מען, ער בײַ אײַך אַזעלכעס און אַזוינס,
כּל־ולך —
איר אָן אים קיין שטאָך!
גייט ער פּאָרויס,
שלעפּט איר נאָך זיך, ניט — איז צרות.
הערט איר, אַלע מעגט איר גיין צו מיר אין חדר:
איך וווּהין איך דאַרף — אַהין אַליין כּסדר.
און איך שלאָג זיך דורך, ווי האַרט סע זאָל ניט זײַן די לעדער.
זײַ אַ בריה, ברודערל, פאָלג מיך!
פעסטער, שטײַפער דאַרף מען זײַן בײַ זיך — אַ דראָטל,
און ניט ווערן בטל!
שווער דער וועג? איז אָן סכּנות, קריך!"
„טאַ!" זאָגט פּאָדעמזײַד, „וואָס דען?
איך וואָלט אויך זיך דורכגעשלאָגן, ווען —
ווען איך האָב
אויך ווי דו אַ חזיר־קאָפּ!"

# דער לאָך פון בייגל און מעשענע קנעפּלעך

זאָגט דער בעקער משה־מעכל:
,,ווי אַזוי מע מאַכט אַ בייגל ווייסטו? נעם אַ לעכל,
קלעב־אַרום אַ טייגל,
האָסטו דיר אַ בייגל".
עסט מען אויף דעם בייגל, ווו־זשע בלײַבט דער לאָך? אין קעשענע.
איז בײַ שלמהלען אין קעשענע אַ לאָך.
און וואָס נאָך?
קנעפּלעך צוויי אַזוינע שיינע — מעשענע.
ווילן זיי, די קנעפּעלעך, ניט הויזן
אין דער קעשענע פון שלמהס אַלטע הויזן
מיט אַ לאָך פון בייגל —
קומט זיי עפּעס דען דערפאַר? צי זענען זיי דען חוטא בעגל,
אַז זיך גליטשן פון דער קעשענע זיי נעמען?
וואָס? וואָס איז דער לאָך פון בייגל? גאָרנישט שעבעגאָרנישט.
און בײַ וועמען האַלטן זיך? מיט וועמען?
ערשט — ער עפנט גאָר אַ מויל דער בייגללאָך: ,,איר מעגט זיך שעמען,
איר מגושמדיקע! קיין פאַרשטאַנד ניטאָ בײַ אײַך דאָך אויף
קיין האָר נישט!
עיקר איז בײַ אײַך דער בייגל, ניט דער תּוך?
איר פון רוחניות אַנטלויפט גאָר? דאָס איז דאָך דער עצם־מהות
און דער כּל־ולך
פון אַ יעדן יש,
און אַפילו אויך פון גראָבן מעש!
נעמט פאַר אַ בעלנות און צעטיילט דאָס מעש אויף טיילן און
אויף טיילעכלעך,
מער, אַלץ מער, פאַמעלעך און פאַמעלעכלעך,
און דאָס טיילעכל דאָס דינסטע ווי אַ האָר

ווײַטער טײלט עס ווי מע טײלט דאָס יאָר
אויף חדשים, טעג און שעהען, רגעס און סעקונדן —
קומט איר ניט צום בײגעלאָך, צום נול צום רונדן?
איר באַנעמט דעם ענין! טוט אַ קלער!
נעמט דאָס טיפער נאָר! נעמט טיף עס!"
און גערעדט דער לאָך פון בײגל שכלדיק חריפות,
רוחניות אַהין און רוחניות אַהער —
נאָר גערעדט צו וועמען? צו אַ רוחניות ווי ער:
אויסגעוועון די קנעפּעלעך די צײַט, ניטאָ זײ מער!

## דער האַנטעך

ברודערלעבן, האָסט אַ האַרץ, פילסט־מיט מיט יענעם —
רחמים בעטן גיי־זשע!
זינדיקע זיך פּײַניקן אין גיהנום —
קויטיק גרייט אין הייסער דייזשע.
אונטעררעקלעך, חוה־העמדער,
וואָס דו גייסט ניט אָן זיי כּלומרשט, קערסט זיי אָן אַ פרעמדער,
און זיי וואַרפן פון באַהעלטעניש דיר ווײַסע בליצעלעך,
קוקעלעך מיט שפּיצעלעך;
איבערוועש און אונטערוועש — משרתים און אדונים —,
הויכע קעלנער און, צווישן אונדז גערעדט, תּחתּונים —
אַלע פריען זיך אינייגעם אין איין דייזשע.
מילא, נו, אַ מצווה! האָסט געזינדיקט — ווייס־זשע!
ווילסט זיך שליטלען — שלעפּ דעם שליטן!
פריי׳ר געזינדיקט — איצט געליטן!
אָבער וואָס־זשע טוט דער פרומער האַנטעך דאָ אינמיטן?
ער, דער פרוש, וואָס פון טבילה־וואַסער נאַס —
ער ליגט אויך אין קוואַס?
נעמט צו אים זיך דאָס פאַרשײַטע אונטעררעקל:
„פעטער, וואָס? איר אויך? אַהערצו פונעם הויכן פלעקל?
איר, רב האַנטעך?
אײַ, אײַ, אײַ, דערמאָנט אײַך:
פנימער פאַרוואַשענע געריבן און געווישט!
כּשר, פרום — צום סוף גאָר: ניין, ס׳אי׳ ניט!..
סײַדן הײַנט דער הימל ווי אַ ברודיק לײַלעך טריפה!
אָדער על־פּי טעות אײַך פאַרשלעפּט אַהערצו די מכשפה
קאַטשקע־ פראַטשקע חיה־ראַסיע?"

„אוי, חטאתי!“ זיפצט דער האַנטעך, „יאָ, חטאתי!“
„פעטערל, וואָס רעדט איר?“ „פרעג ניט, קינד — ניט גוט!
כ׳האָב געלעבט פון פרעמדן שמוץ און ברוד!
ווי פאַרשעמטע פנימער — איך ראש־וראשון!
ניט געפרייט זיך מיטן קלאָרן, מיטן פרישן,
עיקרשט מיר דער שמוץ — צו רײַבן און צו ווישן!“

## די באָרד

אויף דער מאָרדע טראָגט דאָס פערד די שפּיזטאָרבע די גראָע,
טוט אים ווילד הנאה.
און ווי דורכן אַרבל אַ פאַרקערטע זאַנג
פונעם עק צום קאָפּ לויפט אַ געדאַנק:
„אַז איך האָב אַ באָרד
דאָרט
הינטן
אויף צו טרײַבן פליגן ווי די ווינטן,
נו, איז וואָס? אַזוינע בערד
האָבן אַלע דאָך, סײַ נאַרישע סײַ קלוגע פערד.
אָבער אַז איך האָב אַ באָרדע
פאָרנט אויף דער מאָרדע,
וואָס־זשע הייסט שוין דאָס?
ע, דאָס הייסט — איך ווייס שוין וואָס!
ווער ס'איז שיין, איך קלוג — אויף שכל פאַל איך!
ע, בײַ קיינעם אַזאַ באָרד ניטאָ — בײַ מיר נאָר און בײַם גלח.
ניט קיין פלעדערוויש מײַן באָרד און ניט קיין בעזעמל — אַ לאָפּעטע!
הײַנט־זשע, אַז מע קושט דעם גלחס האַנט, פאַרוואָס־זשע קושט
מען ניט מײַן קאָפּעטע?
טאָמער שווער זיך צו דער קאָפּעטע צו בייגן,
וועל איך זי דערלאַנגען, גלײַך אין מויל זי לייגן,
דאָס בײַ מיר קיין טרחה ניט קיין גרויסע —
„קוקט!" און אומר ועושה —
מיט דער קאָפּעטע דערלאַנגט ער דעם באַלבאָס
גלײַך אונטער דער נאָז.

קומט די בײַטש און קאַטעװעט און שנײַדט —
הירזשעט עס, דאָס פערד, און שרײַט:
„גראָבער יונג, עם־הארץ דו! אַ גראָער באָרד!״
נעמט די בײַטש ערשט און פאַרפאָרט
גלײַך אין פּיסק אים: „היט אונדז גאָט פון פערד,
װאָס זײ שפּײַזן זיך פון גראָע בערד!״

## כשר

אויגן טויזנטער די נאַכט און דאָך אַזוי פּאַרקוקט,
ניט געזען, ווי בלוט סע גיסט זיך אינגעהיים:
האָט דער וואָלף אַ באַרנדל פאַרצוקט,
אָפּגעדושעט אין דער פינצטער, מיט זײַן זינדל אָפּגעשיקט אַהיים —
פירט שוין אויס דער מזיק אַ שליחותל בשלמות!
און די שאָף די מאַמע, וואָס געפּרוווט צו מאַכן אַ געוואַלד,
בעטן הילף בײַ הינט, בײַ מענטשן, בײַ בהמות —
אויך צעריסן זי, פאַרשלעפּט אין וואַלד:
„אַזאַ חצופה! רופט די הינט גאָר! וועקט דעם פּאַסטעך!
זאָל זי וויסן וויל:
קום צו גאַסט איך —
ניט קיין שאָרך!
האָרך,
זע און טסס — האַלט ס׳מויל!"
אָפּגעגעסן, אָפּגעפּרעסן, מיט אַ האָזעלע פאַרביסן
(שוין געהאַלטן נאָך דער סעודה, בײַם באַלעקן,
ערשט — דאָס נפשל אַדורך, צעטומלט פון אומזיסטע שרעקן,
און צווישן זײַנע נעגל שוין געבליבן שטעקן).
בייז דאָס פרישע בלוט אין פּנים אים געשמיסן,
ער געזשליאָקעט דאָס ווי רויטן ווײַן ווי זיסן —
שענקט דיר גאָט אַ פעטע סעודה, שטעלט ער משקה אויך! —
און די שפּילפייגל צום עסן שפּילן־צו.
פּאַטשט דער וואָלף צופרידן זיך אין בויך,
עפנט ברייט דעם פּיסק און זאָגט זיך מיט אַ גענעץ:
„איך מײַן חוב, אַ לויב צו גאָט, איך טו.
נאָר אַלצדינג מוז האָבן דאָך אַ גרענעץ —
נאָך אַזויפיל אַרבעט כשר איך פאַרדינט דאָס ביסל רו".

## דער אָדלער און דאָס זומערפייגעלע

איינמאָל זיך געיאָגט אַן אָדלער נאָך אַ זומערפייגעלע.
סע פאַרשטייט זיך, ניט דעם הונגער אויף צו שטילן —
גלאַט אַזוי זיך, אַ קאַפּריז דאָס פון זײַן ווילן;
וויל אַמאָל אַן אָדלער מיט אַ באַבעטשקע זיך שפּילן,
יאָגט זיך נאָך איר, כאַפּט זי, ווי מע כאַפּט אַ רעגעלע.
אָנגעשפּילט זיך
און געפּילט זיך
מילדער, גרינגער פונעם פּרילינגווינט,
לאָזט ער אָפּ דאָס פייגעלע גרויסמוטיק
(מעג די זון פאַרגיין און אויפגיין בלוטיק —
ווען זי שפּילט זיך מיטן רעגנבויגן, איז זי דאָך אַ קינד).
זאָגט צום פייגעלע דער אָדלער: „פלי דיר,
פלי, מײַן פלאַטערבלימעלע, און בלי דיר
איבער אַלע בלימעלעך געזונטערהייט!
נאָר פאַרוואָלט זיך מיר אַ שפּיל טון, ניט געמיינט קיין שלעכטס!"
צאַפּלט עס, דאָס פייגעלע, איז אויסער זיך פאַר פרייד
און סע ווענדט צום אָדלער זיך ווי עפּעס רעכטס,
און סע רעדט אַזוינע קלוגע רייד:
„אָ, דו שטערנכאַפּער, הימלפליקער,
דו, וואָס טרינקסט זיך אָן מיט זונבלוט און דו ווערסט ניט שכּור,
האָסט דאָך מיר דאָס חיות שיר אַרויסגעצויגן!
איך אַזוי דערשראָקן זיך, אַזוי דערשראָקן!
כי־כי־כי, געמיינט וועסט מיך צעבראָקן!
אָבער ליין, נו, ליין אין מײַנע אויגן —
צי געפינסטו דאָרט אַ סימן פון פאַרדראָס?
איך בין מוחל יעדן, מוחל תּמיד, ניט נאָר הײַנט —
איך פאַר מײַנע פײַנד
טרינק איך זאַפט פון יעדן בלומענכּוס.

איך — מײַן האַרץ פאַרצײַונג פאַר אַ גאַנצער װעלט פאַרמאָגט !"
קוקט אויף אים דער אָדלער, קוקט, און זאָגט :
„הער־אויס מיך ! הער, װאָס זאָגט צו דיר דער אַלטער
כמאַרע־שפּאַלטער :
„איך בין מוחל", זאָל קיין נישטיקל ניט שרײַען !
װער סע קען באַשטראָפן, דער נאַר מעג פאַרצײַען !"

## דער אינדיק

זע נאָר: אָנגעטון אין ווײַסע קיטלען,
אויף די קעפּ שוואַרצבלאָע היטלען,
ריכטן ריזן אָפּ אַ סדר
מיט צענטויזנט גינגאָלד־קערות —
דאָס אַ שפּיל אַזאַ פון זון און כמאַרעס,
איידער
אין די שוואַרצע גלח־קליידער
אויף דער זון מיט שווערד און פײַער
פּאַלט־אַרויף די פרומע נאַכט.
שטייט אַן אינדיק לעבן שײַער
און ער טראַכט,
ווען וואָס בכלל סע טראַכט אַן אינדיק — ווען גאָרניט.
שטילער! חלום גיסט מיט וואָר זיך איבער —
איז דער חלום ניט קיין חלום און דער וואָר קיין וואָר ניט.
און פון פּוסטע גריבער,
און פון קוימענעס, פון שטיבער
ציען זיך גלחים, שוואַרצע־חברהניקעס לויפן —
און דער שײַער ניט קיין שײַער, גאָר אַ שײַטערהויפן!
בלאָזט זיך אָן דער אינדיק, גייט־אַוועק און אָלדערט:
„מעג זיך ברענען טויזנט מאָל דאָרט,
זאָל זיך טון אויף בענק און טישן —
ניט מײַן עסק! איך וועל זיך ניט מישן!"

★

מוז מען פרעגן שוין דעם פעטער מינדעק:
וואָס אַשטייגער וואָלט געווען, ווען ס'מישט זיך יאָ אַרײַן
דער אינדיק?

## רײַזנדער

רײַזנדער, פֿאַרשידענע פֿאַרשוינען,
אָרעמע און רײַכע, גרויסע, קלײנע,
דײַטשן און פֿראַנצויזן, טערקן, רוסן און אַחינו
בני ישראל — וואָס דען, סע וועט זיך לוינען?
אַלע פֿאָרן, מיר'ן זיצן ווו מיר וווינען,
אויף די ערטער אויף די האַרטע?
פֿאָר־זשע ברודער, כי לכך נוצרתּ!
פֿאָרט מען: ווײַבער, קינדער, מענער,
לײַט געבילדעטע, ווילקענער,
סוחרים אײדעלע און אַמעראַצים —
אײנער אָנגעשטאָפּט, איך שאַץ אים
אין די הויכינקע אלפים,
נאָר אַ דײַטש! אוי, רעדט ער! גאָטעניו, ניט שטראָף אים!
נו, אַ דור־הפלגה, אַ מישמאַש פֿון שפּראַכן:
אַלע רעדן — ווער פֿון ליבע, מסחר, וועטער, פּוסטע זאַכן,
ווער פֿון פּאָליטיק און ווער סע זאָגט זיך גלײַכע־ווערטלעך.
ווו־זשע איז דאָס? ערגעץ אויף אַ שיף?
חס־חלילה, ניין — אין בריווקאַסטן די בריוו!
רײַזנדער אין רײַזעמענטעלעך — קאָנווערטלעך,
און מיט רײַזע־פּעסער אויך באַזאָרגט — פּאָסטמאַרקן,
מיט בטחון אויכעט אין אַ גאָט אַ שטאַרקן,
נו, פֿאַרשטייט זיך, איז מען זיכער,
פֿרי'ר צי שפּעטער, צי פּאַוואָלינקע צי גיכער,
יעדער ווי אים אָנגעצייכנט, קומען וועט מען צו אַ ציל,
בעזרת שם יתברך —
וויל ער, זיץ איך, וויל ער, פֿאָר איך.
ניט אַיעדן אָבער איז באַשערט
אָט דאָס גליקלעכע געפֿיל.

ווי אַ בר־מינן, פֿאַרפֿינצטערט אין דער קרקע
נעבעך, ליגט אַן אָרעם בריוול אָן אַ מאַרקע.
(אָן אַ פּאַס, וואָס האָט אַ רײַזנדער די ווערט?)
און איר הערט:
אין אַ בריוול ליגט אַמאָל אַ מענטשלעך האַרץ,
אָפּטמאָל אַ פֿאַרביטערטס און אַן אָפּגענאַרטס.
קלאַפּט עס, קלאַפּט, פֿון זאָרג פֿאַרכאַפּט:
טאָמער, גאָט זאָל היטן, בײַ דער גרענעץ מע דערטאַפּט,
טאָמער, טוט מען אים אַ פֿרעג, אַ נעם צום חומש —
ברודערל, סטײַטש, סטײַטש?
רופֿט זיך אָן צו אים דער אָנגעשטאָפּטער, דער וואָס רעדט נאָר דײַטש:
„זי זינט, זאַג איך אינען, דומיש!
דומער נאָך פֿון אײַזן!
וואָס געוואָלט זי ווײַזן —
אָנע מאַרקע קאָן מען רײַזן?"
„חס־ושלום!" ענטפֿערט אים דאָס בריוועלע אויף מאַמע־לשון,
„וואָס אַ בריוול אָן אַ מאַרקע? ניט אַ גראָשן!
עד, מיר ווייסן, יאָ, מיר ווייסן: גליקלעך די וואָס רײַזן
מיט אַ מאַרקע און מיט גרײַזן!"

## ווענט

דאַכט זיך וואָס — אַ וואַנט, אַ שטומע לעלע?
ניט קיין ליבע, ניט קיין שנאה, ניט קיין האָפענונגען העלע,
אָן באַגער און אָן אַ ווילן?
ניין, אַ טעות — איך קען שווערן בײַ די תּפילין!
אמת איז, אַ וואַנט האָט ליב זיך צו פֿאַרטײַען,
דאָך אַזוי קען טרעפֿן זיך, אַ שטיין פֿון וואַנט זאָל שרײַען —
לײַט דערציילן און אין ביכער קען מען לייענען.
איך אַליין פֿיר ווענט געהערט אַמאָל שוין וויינען,
ווײַל אַ מאָדנע חשק, דאַכט זיך מיר, באַפֿאַלן זיי, די ווענט,
אומצוּוואַרפֿן זיך אַליין, און ניט געקענט,
ווײַל — וויל יאָ, וויל ניט — געמוזט זיי שטיין און צוזען און באַדוי׳רן,
וואָס צו גרויל און ווילדע סודות זיי געבוירן.
און ווער ווייסט ניט, אַז אַ וואַנט האָט אוי׳רן?
פֿרעג איך: אַז אַ וואַנט קען הערן, זען און פֿילן,
נו פֿאַרוואָס־זשע זאָל זי אויך אַ ליבע שוין ניט שפּילן?
טאַקע! קוקן־איבער זיך צוויי ווענט —
אַ פּרימאָרגנשטראַל אין פֿענצטער־אויג זיך ציטעריק צעברענט:
מזרח־וואַנט אַ צאַצקע דאָך, אַ חתן וואָס קאַטאָרע,
אײַנגעטונקט אין יחוס — הערצל, משה מאָנטעפֿיאָרע,
מלבי״ם, ווילנער גאון מיט די תּפֿילין אויפֿן קאָפּ;
מערב־וואַנט אַ צנועה, רייטלט זיך, געהילט אין שוואַרצן שאָטן־צאָפּ —
מלא חן זי! הײַנט איר גאַרדעראָב!
פּסס, אַ שאַפּע פֿול מיט קליידער קיין נ׳הרע —
אַטלעס, סאַמעט, זײַד און ראַצעמאָרע.
און דערצו נאָך וועש אַ פֿולער קאַסטן. וואָס־זשע שטייט׳ן?
איינס דאָך אָנגעמאָסטן פֿאַרן צווייטן!
ווי־זשע קענען אָבער ווענט פֿאַרליבטע ווי אַ פֿליג
איינס און צוויי אַ פֿלי צום גליק?

קלאַפּט דאָס האַרץ — דער וואַנטזייגער — טיק־טיק
און — נו, גאָרניט !.. אָ, צו ליבע מוז מען האָבן פליגל —
כאָטש אַ סך מאָל אין אַ קלוגן שדכן גאָר געווענדט.
ווער־זשע איז דער שדכן, וואָס ער פירט־צונויף צוויי ווענט ?
ווער ? דער שפּיגל.
נו, אַ שדכן ! פּאַסיק איז דער שידוך, צי ניט פּאַסיק,
ער צו אים אַ נעם זיך ווי אַ ווײַסער־חברהניק אַ מזיק
נעמט אַ ציג אָן פאַר דער באָרד —
מזל־טוב, סע פּאָרט !
שפּיגלביידע ווענט צונויפגעפּאָרט :
מזרח־וואַנט טראָגט מערב־וואַנט אין זיך,
מערב־וואַנט אין מזרח־וואַנט צעשפּיגלט זיך — איין איך.
קומט דער שדכן, מאָנט שדכנות — ווייסעד, טענה צו די ווענט !
„ווער שדכנות ? וואָס שדכנות ? ס'אי' דאָך
גאָר אַ ליבע־שידוך !
פרעג די שכנים ! נאָך פון קינדווײַז מיר באַקענט —
דאָ איינינעם איינס געבוירן פאַרן צווייטן.
וואָס־זשע וויל דער שדכן ? ער געקומען שוין צום גרייטן !"
און מע לייקנט שטיין און ביין, מע מאַכט צו גאָרנישט אים אינגאַנצן,
און מע לעבט צופרידן זיך אין זײַנע טיפע גלאַנצן.

★

קלאָגט ער זיך, דער שפּיגל, פאַרן רב, דעם מאור גדול,
פאַרן בליצלאָמפּ, וואָס אַדורך דעם אוי'רל פון אַ נאָדל
שלעפּט ער העלפאַנטן גינגאָלדענע מיט פּאָמפּ —
רעד צום לאָמפּ !

## דער שפּיגל און דאָס בילד

אויב איר ווילט,
הערט זיך צו — צום שפּיגל רעדט דאָס בילד.
— אפשר ווערסטו, ליבער שכן, מיר דערקלערן:
וואָס ביסטו? אַ קאַץ צי אַ לאַמטערן?
ערשט געווען אַ זיידע איבער דער גמרא,
שפּעטער אַ פֿאַרשלעפּטע קרענק, וואָס קושט זיך מיט אַ צרה!
אָן אַ שפּאַס, איך מיין עס:
ביסטו ראשית — וואָס־זשע ביסטו שנית?
ביסטו שמעון — וואָס־זשע ביסטו ראובן?
גיב מיר צו פֿאַרשטיין עס!
— איך וועל פּרווון:
איינס פֿון צווייטן אויף דער וועלט פֿאַרשידן,
און אי דער אי יענער בלײַבן מוז פֿון דיר צופֿרידן.
און כּפֿי,
ווען צוויי ליבן זיך, איז ניט זי אים און ניט ער זי,
נאָר זיי ביידע ליבן ביידע טאַקע זיך —
דו פֿאַרשטייסט? זיי ליבן ז י ך, אַיעדער נאָר זײַן איך! —
און זיי אַלע מוז איך ריכטיק שפּיגלען,
אין מײַן האַרץ געטרײַ זיי וויגלען,
מאַך איך עס אינגיכן —
טו זיך אָן אין איכן, טו זיך אויס פֿון איכן.
און דער כּלל איז: פּאַס זיך צו צו לײַט!
מיטן שטראָם גיי, מיט דער צײַט!
און דעריבער, אַלע מאָל זיך בײַט!

ניט, איז ביסטו אַ לאַ־יצלח און דו גייסט אין בראָך !
— אָבער דאָך !..
— ע, אומזיסט די רייד ! דו האָסט מיך ניט פאַרשטאַנען,
ביסט נאַיִוו און אָפּגעשטאַנען.
— אפשר יאָ און אפשר ניט. איך מיין נאָר,
דו ביסט דער און יענער און ביסט יעדער איינער.
ווײַל אַליין ביסטו ניט קיינער !

## דער נביא

אויפן דאַך
שטייט אַ קראָ און שרייַט: „קראַך־קראַך!
קראַך און דונערן און בליצן!
קראַך־קראַך אויף די קלויסטערס מיט די שפּיצן,
וואָס זיי שטעכן, וואָס זיי בויערן
אין די הימלען לעכער!
קראַך אויף מויערן!
קראַך אויף דעכער!
קראַך! אַלצדינג וועט קראַכן, סע וועט גיין אַ רויך!
קראַך אויף נעסטן פון די הויכע ביימער!
אויף די ביימער אויך!
ווייסט, בייַם אָנהייב פון דעם סוף שוין שטיי'מיר!
הערט, סע בילן הינט
און סע ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין איןווירבלראָד דער ווינט,
וויינענדיק און דרייענדיק זיך ווי אַ שלאַנג!
ווייסט, זיי זינגען אייַך איי'ר לעצט געזאַנג —
דאָס געזאַנג פון אונטערגאַנג,
דאָס געזאַנג פון שטראָף און זינד!
קראַך! וואָס קלאַפּן נאַסע ביינער
דאָרט אין שטיינער?
וואַרט, איך הער, איך הער וואָס —
אויף די חורבות, איי'רע חורבות
טאַנצט דער טויט אַ נאַקעטער,
נאַסער, פאַרמאַראַקעטער!"

און נאָך לאַנג דער נביא קראַקעט. קראַקעט ער
און לאָזט־אויס: „געדענקט, איך חזר־איבער אײַך און חזר —
קראַך! קראַך! קראַך!"
און אַ מאַך
מיט די פליגל, און אַ פלי, אַ שטעל זיך אויף אַ חזיר.

★

פאָרט דער נביא איבער גאַס און געסל
אויפן טריפה־כשר פיסל־פעסל
און נאָך שפּיגלט אין די אויגן דאָס נביאיש בליאַסקל.
שרייט אַ בת־קול:
„הס כל
בשׂר!
דאָס איז'ר נביא — דאָס ער!
אײַ'רער אויף שפּיץ דאַך ער,
אײַ'רער אויפן דבר אחר!"

## דער אמת

אמת ווי דער רויטער מאָן ער בליט,
און אַמאָל אַ שוואַרצע קראָ ער, גאָט באַהיט.
פירט זיך אום אַ קוואָטשקע מיט איר פליד:
חנעוודיקע פיצעלעך,
לעבעדיקע עפּעלעך,
מיט צוויי פּיסעלעך, מיט קעפּעלעך —
קעפּעלעך מיט זיסע פּישטשענדיקע שפּיצעלעך.
און די קוואָטשקע היט די עפּעלעך, זי היט,
און זי קוקט־אַרום זיך און זי ווערט ניט מיד
אַלע מאָל זיי רופן, אַלע מאָל זיי זאַמלען,
און דאָס האַרץ, סע קוועלט נאָר הערנדיק זיי שטאַמלען.
האָסטו דיר ניט, נאַ דיר — מיטאַמאָל אַ גאַסט איז דאָ!
ווער? די שוואַרצע קראָ.
— מאָרגנבלי און ווייַסע זון!
(מיט אַ ליבן גרוס באַגעגנט זי די הון)
נו, וואָס זאָגסטו אויף מײַן קליינוואַרג? (פרעגט זי איבערגליקלעך)
ניט וואָס איך, אַ מאַמע — אַלע זאָגן דאָס: אַנטיקלעך!
אויסגעוואָקסן קיין נ׳הרע היפּשע.
— טפשה!
(ווי מיט קאַלטן טוט די קראָ אין פּנים איר אַ שפּריץ
און מיט בייזן קראַקע איר אין האַרץ אַ קריץ)
אויסגעוואַקסן... אַ גדולה, נו! אַ שׂמחה אויף איר קאָפּ!
מער זיי וואַקסן, וואַקסט דאָך די סכּנה אויס אין שוואַרצן טאָפּ!
היפּשע... פרייט זיך! בעסער
כאַפּ אַ קוק אין קיך — מע שאַרפט ניט דאָרט דאָס מעסער?
— שאַרפט מען יאָ, צי שאַרפט מען ניט — מײַן דאגה?
— מײַנע אויך ניט! נאָר אין קיך אַ קוק טון סטוויסטײַ גיי!

וואָס־זשע, ווייסט דען ניט, אַז רב אלישע
פּויעלעך האָט ליב ער, יונגע, פרישע?
— ליב? לאַנג לעבן זאָל ער! ווער־זשע האָט ניט ליב אַזוינע?
אָבער מיטן מעסער וואָס האָט דאָס צו טאָן?
(חידושט זיך די הון).
— ס'האָט שוין! (זאָגט די קראָ) איך בין דיר ניט קיין שׂונא,
נאָר —
— שוואַרצע קראָ, רעד קלאָר!
— אישה,
דײַנע קינדער מיט די ביינדעלעך וועט פרעסן רב אלישע!
— כאָטש ער האָט זיי ליב? — ניט כאָטש, נאָר ווײַל!
כּל־זמן זענען פּיצלעך — אָן סכּנות! פריי זיך נאָך דערווײַל!
אָבער שפּעטער, שפּעטער — קראַך! השם ירחם!..
שרײַט די קראָ דעם אמת אויס, פאַרטראָגט אַזש אויפן דאַך אים.
צינדט דער דאַך זיך אָן און שעלט מיט פײַערדיקע צינגער
אי דעם אמת אי די קראָ. דער קוואָטשקע ווערט ניט גרינגער.

## אַ טענה צו גאָט

דער פרימאָרגן שפּיגלט שפּאָגלנײַ און פריש
און זיס לעבן רינט זיך אין דער מינדסטער דאַרער שטרוי.
וואַרפט זיך צו דער רויז דאָס זומער־פייגעלע און קושט אַזוי!
רויז און זומער־פייגעלע — צוויי קיש
פון זײַן ליבן נאָמען.
זיך צונויפגעקושט און הערצעלע צו הערצל דונערט: „אַדוני!“
זאָגט־זשע: „ברוך הוא וברוך שמו —
אָמן!“
ניט געזאָגט: דערפאַר: ויבוא המן —
וואַקסט פון אונטער דר׳ערד דאָ אויס,
ווי אַ גאַסט אַן אומגעבעטענער, די אַלטע מויז.
טוט דאָס זומער־פייגעלע אַ ציטער,
פלאַטער־פליטער,
און ניטאָ מיך — אויסגעוועון די צײַט!
און די אַלטע, ווי געוויינלעך גוטע־פרומע לײַט,
נעמט זיך טענהן, מוסרן די רויז:
„שטענדיק“, זאָגט זי, „צו דער רעכטער רגע שיקט מיך גאָט אַרויס!
גוט וואָס איך בין אָנגעקומען! און ווען ניט?.. נו, הער־זשע,
טאָכטער, אויס,

הער, וואָס ס׳זאָגט אַן אַלטע מויז דיר:
כּל־זמן דו ביסט יונג, געדענק, די וועלט אַ פּרוזדור,
נאָר אַ קורצער דורכגאַנג און ניט מער!
און וואָס נאָך? ווהין דו טוסט אַ דריי זיך און אַ קער,
אומעטום פאַרשפּרייט די נעץ —
שטײַגעלעך, כאַפּלאַפּערלעך און קעץ! אוי קעץ!
קעץ מיט טויזנט אויגן בלינדל־בלינדלענדיקע,
רעדל־ראָד־ און ראָד־ראָד־רעדל־רינדלענדיקע,
און משיח קומט ניט, און ווער ווייסט דעם קץ!

אַז דער דור איז זינדיק — זינד אויף זינד!
זאָגט, וואָס טראַכט איר זיך? דער הימל, חס־ושלום, בלינד?
צמאָטשקעט זיך מיט זומער־פייגעלעך!
איַי, געדענק! געדענק די טויזנט אייגעלעך!"
הערט, די אַלטע רעדט דאָך צו דער זאַך!
אָבער וואָס פאַרשטייט אַ רויז אין מויזנשפּראַך?
נו, צעשטראַלט זיך איר דאָס פּערל־אויג און טוט אַ לאַך —
זינד אויף זינד געכפלט!
ווערט די אַלטע בייז און טוט אַ מאַך פאַרצווייפלט
מיטן עקל:
„נעם כאָטש הענג די גאַל אויף אַף אַ פלעקל!
גאָט באַשאַפן זיך אַ פרוזדור מיט שרפ״ט אלפים שאַלעמויזן,
ווייניק — אויסגעפעלט אים רויזן!"

## דער חמור־אייזל

לאַנג דער זומערטאָג צעשטרעקט זיך אויף דער נודנער גאַס.
מאַכט דער כּלב מיטן אייזל זיך אַ שפּאַס:
— איַ, דו חמור־אייזל, זאָגט ער, דו!
קוצעניו און מוצעניו גאָר מיט דער רויטער קו?
— גיי, וואָס רעדסטו? איך? וואָס הייסט? אַ טעות מן־הסתּם!
— מאַכט זיך נאָר ניט, פּעטער, פאַר קיין תּם!
איך אַליין מיט מײַנע אויגן דאָס געזען
און דער שוואַרצער קאָטער אויך דערבײַ געווען —
לעבן טויער נעכטן!
נו, ווער וואָלט זיך אויף אַזוינעם ריכטן?
— שקר! (שרײַט דאָס אייזל) שוא־ושקר! ס'איז אַ בלבול!
זאָל אַ ציג איך ווערן! אַ צעטרעטן מילבל!
זאָל איך נעכטיקן אין דרויסן, ווען סע רעגנט!
(שווערט דאָס אייזל זיך און לייקנט שטיין און ביין).
און אַ גאַנצן טאָג סע רוט שוין ניט, ניין, ניין —
ווען נאָר באַגעגנט,
זיך פאַר אים געקלאָגט:
— האָט געהערט איר, וואָס מע זאָגט?
אַז דעם שכנס פּר'־אדומה
חיה־פרומע —
— נו?
— שרײַט צו מיר מו־מו!
— נו?
— ניט נאָר מו, נאָר מו־צע־ניו! —

און מע לאַכט שוין אין די פּויסטן, כאָדאָראָם די גאַס,
און מע טרײַבט דעם שלימזל מיט בעזעמער פון דערנער,
און די רויטע קו אים שיר ניט דורכגעלעכערט מיט די הערנער
און אויף קולות פון אַ מאָנקאַלב אים געמאַכט אַ יברכך —
אַז די גאַנצע גאַס נאָר כאַ־כאַ־כאַ און כע־כע־כע !
און סע וואָלט געווען דאָך נאָר אַ קליינער שפּאַס,
ווען אַליין צעפּויקט ער ניט ווי מיט אַ האַמער אין אַ פּאַס.

## די נאָז־פּאַטשיילע

ווּיפל קולות, וויפל שטימען,
פונעם דונער ביזן ביימעלע צעגרינטן
וואָס סע שמוסט זיך איבער מיט די ווינטן,
ביז צו דער פּאַטשיילע, וואָס רב שמעון
טראָגט זי אויפן אַלטן שטייגער הינטן
אין דער טיפער קעשענע,
און ער ניצט זי צו די ברילן צו די מעשענע,
און צו דער אפילו, וואָס די ברילן אויף איר רײַטן —
זי רעדט אויך, די נאָז־פּאַטשיילע. וואָס זאָל דאָס באַטײַטן?
ניט קיין גוטער סימן,
קאָפּווייטיק האָט הײַנט רב שמעון —
ניט פאַר תּענוג: טעכטער פיר, פּרנסה קוים זיך ציקעט,
און דער שדכן טויבלעך, פאָנפעט, היקעט...
ציט רב שמעון די פּאַטשיילע אַרום קאָפּ זיך שטײַפער, ענגער,
גיט שוין די פּאַטשיילע לשון, רעדט זי פעסטער, שטרענגער.
„דאָס איז”, זאָגט זי, „אַז מע מאַכט דעם חלום לענגער
פון דער נאַכט!
האָסט אַ קאָפּ, ווילסט טראַכטן — טראַכט!
אָבער מיט אַ שיעור, מיט אַ מאָס —
שפּרינג ניט העכער פון דער נאָז!
ווי געזאָגט אַמאָל אַ שטעקן:
ווער סע קען, דער מעג זיך שטרעקן,
אָבער יעדער נאָך די עקן!
(ער געהאַט אויף זיך אַ גאַלקע, ניט געווען קיין למד!)
שאַ, וואָס דאַרפסטו מער? אָט בין איך אַ פּאַטשיילע,
און במילא
גרעסער פון דײַן קאָפּ — איך נעם־אַרום אים נעם איך,
און יאַקאָש

בלײַבט אַ קנופּ נאָך הינטן ווי בײַ דײַן של־ראש,
און אַפילו ווען די לענדן
מיט געבעט צו מיר זיך ווענדן,
נעם איך אויך אַרום זיי מיט גענאָד;
אָבער ווייסן ווייס איך, ניט פאַר מיר אַרײַנצונעמען אין אַ ראָד
ניט די שול און ניט דאָס באָד
און אפילו ניט דאָס מינדסטע שטיבעלע אין שטאָט".
זאָגט רב שמעון: „זאָלן מײַנע שׂונאים ריידן!
וויפל גאווה אין אַ נאָז־פאַטשיילע, ווען זי ווערט באַשיידן!"

## דער בראַווער קערל

ציטערט אויפן מיסט אַ טרערל,
טרעפט עס זיך דאָרט מיט אַ ווײַנשלקערל —
ביידע קײַלעכדיק, איין וווקס, אַ פּאָר.
נו, צערעדט מען זיך: — גוט־עלף! — גוט־יאָר!
— שוועסטערל, ווי רופט מען דיך? — מע רופט מיך פּערל.
— און פונוואַנען קומסטו? — פון אַ ווײַסן האַלדז,
אַזש פון אונטער פּעטן גוידער.
ניט פאַרטראָגן איך דעם ריח פונעם שווייסיק שמאַלץ —
פי, חלשות! איך דערמאַן זיך, כאַפּט מיך אָן אַ שוידער!
נו, זיך אָפּגעריסן סוף־כּל־סוף און אַ באַלייטע
פון אַ ליבן שומר מיטן נאָמען בעזעם
(לעבן זאָל ער! ניט אַקעגנקומען זאָל קיין בייז אים!),
איך פאַרקליבן זיך אַהער, געמאַכט אַ פּליטה.
— גאָט מיט דיר! וואָס רעדסטו? בעזעם? ער,
דער רוצח? הער, איך בעט דיך, הער —
אויב דו ביסט קיין שטיין ניט, וועסטו מיך באַדוי׳רן —:
אין אַ פרישן גאָרטן אַ צעבליטער בוים אין פרילינג מיך געבוירן
און געוואַקסן איך דאָרט — ווער מיר גוטס גינט... אָן מײַן שאָדן...
ליבער טוי געוואַשן, פרישער רעגן מיך געבאָדן,
פייגעלעך מיט לידעלעך אַנטשלעפט מיך און געוועקט,
זיסע זון מיט שטראַלעכלעך געקושט מיך און געלעקט
און מיט מיר געשפּילט זיך, מיך געקיצלט, איך געלאַכט.
שפּעטערצו אַ זײַדן העמדעלע אַ רויטס די מאַמע מיר געמאַכט —
איז דאָס מיר געגאַנגען! האָט דאָס מיר געקליידט!
אַז די ווײַנשעלעך די גילדענע אין הימל
דורך די נעכט צו מיר גערעדט, געווונקען פונעם דרימל!
— יאָ? געווונקען? אָט אַ מזל! אָט אַ פרייד!
אָבער, יאָ, אַ חידוש: אויך אַנטלאָפן? אויך אַהער?

— וואָס אַנטלאָפן? ווער?
איך ווי דו? חלילה! פאַל נאָר ניט אַרײַן מיר אין די רייד,
לאָז זיך דינען!
איינמאָל, בלעטער גרינען,
זון און זומער־פייגעלעך און בינען —
מיר ניט, דיר ניט, קומט־אָן דער ניטגוטער
און רײַסט־אָפּ מיך — וויי מיר! — פון מײַן היים און
פון מײַן מוטער!

מיט די ציין די ווילדע מיך געביסן,
מיר דאָס העמדעלע דאָס זײַדענע צעריסן
און דערנאָך ערשט מיך צום בייזן בעזעם ער געגיבן,
האָט ער מיך, דער רשע, אָט אַהער פאַרטריבן.
— נו, און דאָ וואָס? — זעסט דאָך: פּסולת,
אָפּפאַל, בראָכוואַרג! ווויל איז
דיר, וואָס ווייסט ניט און פאַרשטייסט ניט ווו דו ביסט!..
זיפצט די פערל:
— נעבעך, נעבעך, ווערט פאַרפאַלן דאָ! אַ בראַווער קערל
און ער וואַלגערט זיך מיט מיר אינײנעם אויפן מיסט!

★

פערל, פערל, ערגערסט זיך אומזיסט —
ניט כּדאי, אַ פערל זאָל באַדוי'רן מיסט!

## די נאָז־פאַטשיילע און די נאָז

— זאָל דאָס זײַן אַן אמת, שיינע־ריינע?
(צו דער נאָז־פאַטשיילע זאָגט די נאָז).
— וואָס?
— ניט קיין שלעכטע מעשה, כאָטש אַ קליינע.
אָנגעשמעקט אַ נײַעס איך: רב איציע
קומט פון טראַסקעוויצע,
בליט דאָרט, זאָגט ער, ניט אַ בוים אין גאָרטן, ניט אין גראָז אַ בלימל,
נאָר אויף אַלע קעפּ, אויף אַלע דעכער שימל,
און אַ נאָז־פאַטשיילע איז דער הימל —
טוט אַ נאַסער ווינט אַ בלאָז,
ווישט זיך מיטן הימל גאָט די נאָז;
גיסט אַ רעגן, ווערט אַ בלאָטע,
האָט פּרנסה ביזן גאַרטל די קאַפּאָטע.
— ווייס איך וואָס, רב איציעס מעשיות! קענסט אים ניט,
דעם קרומען?
גלייב ניט! דאָס וועט זײַן ערשט, ווען משיח וועט קומען!

★

וואָס וועט ניט זײַן, ווען משיח וועט קומען?
פרעגט אַ בלינדן, פרעגט אַ שטומען,
פרעגט די קרעציקע, די פּאַליקע,
פרעגט אַ יעדן ווײסטן קאַליקע,
פרעגט דאָס שטרײַמל, דעם צילינדער, אַלטע שיך —
פרעגט, זײַט מוחל, זיך!
ניט אומזיסט אַ צדיק לאַנג געטון אַ שפּײַ:
„זאָל ער קומען און איך זאָל ניט זײַן דערבײַ!"

# די דערוואַכונג פונעם וואַלד

מזל־טוב, אַ יום־טוב אויף די שאָף!
אויפגעכאַפּט דער וואַלד זיך פונעם שלאָף
און אַ זאָג געטון: „גוט־מאָרגן!
שוין גענוג אין מײַנע שאָטנס ווי אַ גזלן זיך פֿאַרבאָרגן!
ליכטיק — אויף מײַן קאָפּ גייט־אויף אַ נײַע זון!"
מיינט ניט, פּלוצים דאָס געשען — גענוג זיך דאָרט געטון:
פריער אָנגעהויבן נײַע ווינטן בלאָזן,
פרישע,
און קיין האָז שוין זאָגט ניט מער „שלא עשׂני אשה" —
וואָס „שלא עשׂני" עפּעס? ווײַבער ניט קיין האָזן?
שפּעטערצו געגומען שושקען זיך די בלעטער
און דער ווינט געפּליקט זיי און געשיקט לעזאזל.
נאָכדעם גאָר — אַן אַלטן פוקס אין פּנים שפּרינגט אַ האָזל:
„איך בין עלטער! דרך־ארץ, פעטער!"
און וואָס נאָך? די פייגל זיך צעזונגען מאָדנע האָפּערדיק
און דער וואָלף גייט־אום דערשלאָגן, שוכן־עפרדיק.
ערשט, אַ דונער — קנאַל נאָך קנאַל!
נעמט דער לייב זיך וואַקלען, צו דער ערד אַ פאַל —
דעמלט אויפגעציטערט שוין דער וואַלד
(קוים זיך אָנגעשטויסן, ווי סע האַלט),
מיט דער טשאָפּרינע אַ טרייסל, גבורהדיק זיך אַ צעפּאָך.
און דערנאָך
קומט דער האָניק־חודש, ליכטיקע פיר וואָכן:
„ניט געקוילעט! ניט געביסן! ניט געשטאָכן!
אויסקומען מע קען מיט האָניק, גרינסן און געוויקסן —"
זאָגט דער בער, דער פרישער פּוסק, נײַער רב;
אויף די אַלע פליישפרעסערס אַרויפגעלייגט אַ שטראָף:
„גיין אויף צוויי און מאַכן קניקסן

ווי די מענטשן, וואָס זיי שיסן זיך מיט ביקסן,
קוילען זיך מיט שווערדן —
חיות ניט קיין מענטשן אויף גאָטס ערדן!
חיות זענען ברידער — אַלע איינס, איין פלייש־און־בלוט!"
גוט?
זאָגט דער פוקס, מע דאַרף נאָך מאַכן בעסער —
זיצט און פלפולט דרײַ מעת־לעת ער,
נאָכדעם אויף אַ בערגל וואַקסט ער אויס און רעדט בזה־הלשון:
„איך אַמאָל בין יונג געווען און איצטערט גראָ שוין,
כ'האָב אַ סך געזען, געהערט, געביסן דראָטן —
הערט־זשע, וואָס סע רעדט צו איַיך אַני הקטן:
אַלע מיר די טובה פון די שאָף און רינדער זעמיר אויסן —
זיי גאָר הערנער אויף די קעפּ! נאָך וואָס? זאָל זײַן אַז ניט
צום שטויסן;
אָבער דאָס טיילט־אָפּ זיי, מאַכט זיי פרעמד אונדז, רייצט דעם צאָרן!
גלײַך איז גלײַך! ניט זיי, ניט מיר — מע טראָגט ניט מער קיין האָרן!
הערנער טראָגן שטרענג פאַרבאָטן!
און זאָל לעבן אונדזער וואַלד און זײַנע גלײַכע קינדער,
שאָף און בערן, וועלף און רינדער!"
און פון דעמאָלט ליב דער וואָלף דאָס שעפּעלע — ער וויל ניט מער נאָר
אָפּרײַסן דעם שלימזל די הערנער.
און וואָס איז ער שולדיק, אַז דערבײַ ווערט אויך אַ תּל
אי דאָס קעפּל אי די פעל?

## דער צוג

טוט דער צוג אַ תּקיעה־פֿײַף צום הימל
(עד, אַ שטימעלע, אַ שטימל!)
און צעלאָזט זיך אויף זײַן שפּראַך:
„פּוך־פּוך־פּאַך!
וואָס איז דאָס? אַ מאָדנע זאַך!
כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, אַ געלעכטער —
אַ ויברח מאַכט דער דראָנג, נאָך אים דער וועכטער!
קוקט,
ווי דער באַרג, ער רוקט זיך, רוקט זיך, רוקט —
אויך דערשראָקן זיך! אַזאַ געזונטער!
און דער טאָל, ער שלעפּט זיך נאָך אַרונטער!
שטייט נאָר, שטייט נאָר! גאָט מיט אײַך!
אָט, פֿון גרעבליע אָפּגעריסן זיך דער טײַך,
און אָט לויפֿט אים נאָך דער וואַלד!
כאַפּט אים, כאַפּט אים! האַלט!
לויפֿט אַ שטיבעלע אים כאַפּן, לויפֿט דאָס צווייטע —
אינדערווײַל גאָר, כאַ־כאַ־כאַ, זיי ביידע מאַכן פּליטה!
שטייט, וואָס בין איך? אַ מחבל? אַ צעשטערער?
סדום־עמורה־איבערקערער?
צי גאָר אַ פֿאַרשאָלטענער איך, פֿון די ריזן די געפֿאַלענע,
די פֿאַרפֿירערס די מעטאַלענע,
פֿון געברענטער תּאווה און פֿון בראַנדז געקנאָטענע,
וואָס געזינדיקט מיט די מענטשן־טעכטער די געראָטענע?
וואָס איז דאָס אַנטלויפֿן? ס'איז ניט צום פֿאַרשטיין —״
חידושט זיך דער צוג, אַנטלויפֿנדיק אַליין.

## דער אָדלער און דער מוילוואָרף

צוויי, דער אָדלער און דער מוילוואָרף, הויך געפלויגן,
ווײַט געצויגן —
איינער, ווי געוויינטלעך, מיט די פליגל
און דער צווייטער מיט דער מאַכט פון מלך שלמהס זיגל.
זיבן טעג געפלויגן, אויפן אַכטן
אָנגעקומען צום גן־עדן־תּחתּון.
(אָנגעזאָגט זיי שלמה: „דעם גן־עדן מיר באַטראַכטן!
פאָרשן, אויסקוקן מיט שאַרפן בליק!
דאָרט דער זין פון לעבן, דאָרט דער סוד פון גליק,
דאָרט דער פּתרון פון מײַן חלום, וואָס איך מוז אים ערשט באַשיידן!")

אָנגעקומעןביידע צום גן־עדן,
עפנט זיך פאַר זיי אַ וועלט, אַ וועלט שכולה וווּנדער.
און אַ יעדער וווּנדער איז אַ וועלט פאַר זיך באַזונדער,
און אין יעדער וועלט אַזוי פיל און אַזוי פיל שפּיגלען,
און אין יעדן שפּיגל ריגלען־אויף זיך און פאַרריגלען
טויערן־טירן,
וואָס זיי פירן
דיך אין נײַע וועלטן זיך פאַרלירן.
טראַכט דער אָדלער זיך: „אַבי
כ'האָב געמיינט, איך פלי
און איך קוק מיך צו צו יעדן קלייניקייט, צו איטלעכס פּיצעלע באַזונדער.

יאָ, איך זע שוין, ניט געבוירן פאַר דער זון דער,
ווער זיך יאָגט נאָך יעדן איינעם פון די שטראַלן —
לאָז־אַראָפּ זיך דו צו איינציקייטן, ווערסט אויף אייביק דו פאַרפאַלן
אין איין טויער, אין איין שפּיגל;
העכער מוז מען הייבן דאָ די פליגל,

איבער אַלץ און איבער אַלעמען זיך שטעלן
און זיך באָדן פונדערווײַטנס אין די גלאַנצן
פונעם גאַנצן —
אַלדינגס אַרומנעמען, באַנעמען מיט אַ קוק אַ העלן!
אָ, דאָס מוז מען קענען, ווייניק נאָך דאָס וועלן!"
איז דער אָדלער דאָך אַ פליער אַ געניטער,
פליט ער,
פליט ער און סע שפרייטן־אויס פאַר אים זיך אונטן,
אין אַ פאַנטאַזיע־וווּנדער אין אַ בונטן,
לאַנדשאַפטן און שלעסער, שלעסער איבער שלעסער —
שלעסער פון קרישטאָל
און מערמלשטיין און העלפאַנטביין. און וואָס אַמאָל
זונען שפּאָגל־נײַע, אָקערשט פון די פוטער־פעסער,
ערגעץ אויף אַ קופּאָל, אויף אַ טורעם אויף אַ רונדן —
אָט געשפּיגלט זיך אין רעגנבויגנס, אָט פאַרשוווּנדן.
און אַרום און איבער אַלץ אַ שבת־רו אַ שטילע.
און דער וווּנדער וויקלט זיך, צעוויקלט זיך ווי אַ מגילה
איבער ווערסטן, איבער מײַלן: יעדעס וואָרט מיט זיבן מיינען,
יעדער מיין מיט זיבן חנען —
און דער אָדלער קוקט פונווײַטנס, קוועלט, און קען ניט לייענען. —
און דער מוילוואָרף איז באַשיידן און ער זאָגט: „פאַרקערט!
גראָבן דאַרף מען אין דער ערד,
אין דער טיפקייט, און ניט פליען הויך אין הימל —
זיך דערגראָבן מוז מען צו די וואָרצלען פון די זאַכן!
זאַכן? זאַכן אָן אַ שיעור, אין ווייס איך וויפל פאַכן!
גאַנץ גענוג אַ זאַך: אַ בוים, אַ ביימעלע, אַ בלימל —
זיך צום וואָרצל־שטענגל פון איין בלימעלע דערשלאָגן!
נאָר דעם אמת מוז מען זאָגן,
אַז דאָס גאַנצע וואָרצל־שטענגל
לייגט זיך אויבעט אויפן שכל ווי אַ קלעצעלע, אַ דרענגל —
אויך צו פיל! דער וואָרצל האָט ערשט פעדעמלעך און הערעלעך,
שפּע־ און חיונה־רערעלעך —

איינס אַ הערעלע אַזאַ צעברעקל און צעפּיצל
און געפּין־אַרויס דאָס שפּראָצלינגל, דאָס שפּריצל,
ווּ צווישן יאָ און ניין, דאָרט ערגעץ אין אַ קריצל,
ליגט דער אָנהייב און דער סוף פון גרויסן רצון
און דער סוד פון גליק, פון לעבן און פון שפּראָצן.
נאָר דאָס הערעלע, דאָס רערעלע איך זע פאַר מיר אַצינד,
פאַרן גאַנצן איבריקן איך בלינד,
אַלץ פאַרזונקען אין אַ ים פון טויטע ראָבן,
און די ראָבן דאַרף איך אויך ניט האָבן —"
זאָגט דער מוילוואָרף און ער נעמט זיך גראָבן, גראָבן —
זוכט די אוצרות, וואָס זיי ליגן
טיף פאַרבאָרגן אין גן־עדן
ערגעץ אינעם שאַרבן פונעם זיידן
פון די פליגן.
און דער סוף? וואָלט שיין געווען אפילו פאַר אַ ליגן,
ווען ער איז קיין וואָר ניט:
אי דער אָדלער, אי דער מוילוואָרף דאָרט געפּאָרשט, געפאָרשט אַ יאָר,
און דער שפּיץ — דער אָדלער ווייסט ניט גאָרניט וועגן גאָר
און דער מוילוואָרף אַלדינגס ווייסט ער וועגן גאָרניט.

## דער טאַנץ (די פּויק)

אויף איר מזל זיך די פּויק אַמאָל געקלאָגט
און אַזוי האָט זי געזאָגט:
„גאָט אַ פֿאָטער, סע פֿאַרשטייט זיך —
איינעם נחת שענקט ער, איינעם מכּות־רצח.
זעט די טרובע! אָט אַ לעבן, פּיסק צו פּיסקל —
כאָטש אַ קולכל, צווישן אונדז זאָל בלײַבן, פֿון אַ שור־הנסקל.
און דאָס פֿידעלע, אוי זעט נאָר, ווי רב איציק
גלעט עס מיט די פֿינגער, מיטן סמיטשיק,
אַזוי האַרציק, אַזוי זיס,
ווי ער טוליעט — צו פֿיל, כ׳לעבן! פֿע!
זאָגט אײַך וואָס איר ווילט — פֿאַר לײַטן פּשוט מיאוס!
מאַלע, נו — נאָר שאַט נאָר, שאַט! עהע,
גאָר אַ פֿעלטש געטון דאָס פֿידעלע! בכן? אַ דריי בײַם אוי׳רל
און געשפּילט שוין ווידער! נו וואָס דען, ווי איך? אומשטיינס־
געזאָגט, מײַן גורל —
קלעפּ אויף קלעפּ, אַ האָגל!"
„בע!" אַ ברום געטון דער באַס, „ אַ זקן איך, אַ רגיל,
איך אין שפּילן בין געניט,
און איך זאָג דיר: קיש צי קלעפּ — דאָסזעלבע ליד,
קולות פֿון איין קלאָגעדיקן ניגון!
דאַכט זיך אויס אַמאָל אַ פֿריילעכס — אויך אַ ליגן!
ס׳איז אַ שפּיל גאָר פֿאַרן טײַוול:
הוליע, קבצן! טאַנץ, רב פּײַוול!
הייב די פּיאַטעס! רײַס די שיך!
מאָרגן כאַפּט דער רוח דעם פֿידל אָדער דיך!"
„באָם!" זאָגט־נאָך דאָס פּײַקל, באָם!"
אײַנפֿאַרשטאַנען מן־הסתּם.

## דער רעגנבויגן און די פיש

פון אַ ווײַטער פֿאַרבנוועלט געצויגן,
ווי אַ יונגע מאַמע איבער וויגעלע פון קינד געבויגן —
איבער טײַך אַ רעגנבויגן.
שטייט און שטייט — דאָס קינד זיך נאָך גענוג ניט אָנגעזויגן
מיט די זיבן־פֿאַרביק זיסע מילכן,
ס'מאַכט זיך מיט דער מאַמעס ברוסט אַ שפּילכן.
זעט — אַ שווײַגנדיקער דונער, נאָר מיט פֿאַרבן טוט ער הילכן!
ווערן שטומע ריידעוודיק, באַקומען לשון פיש —
מע באַוווּנדערט און מע חידושט זיך: — פש־פש!
— פּי!
— שטייט שוין פון גאַנצפרי!
— פלאי־פלאים!
— איך באַטראַכט שוין פון אַ שעה אים!
— פֿאַרבן!
— איינמאָל זען און שטאַרבן!
— ע־הע־הע!
— בע!
— אײַך געפעלט ניט? — עט!
— ממ... אַ קאַרפּנקאָפּ און ווייסט ניט וואָס ער רעדט!
אַלצדינג ער מיט עט און בע מבטל!
(מיטן עק דעם אַלטן קאַרפּ אין פּנים פּאַטשט אַ יאַטל).
— שטום, יונגאַטש!
— אַלטער קוואַטש!
— שטאַרב!
(וואַרפנדיק זיך אויפן עזות־פּנים, שרײַט דער קאַרפּ).
אויפן קאַרפּ זיך וואַרפט דער העכט,
נעמט זיך אָן די קריוודע פונעם יאַט —
אַז דער קליינער פּאָרט גערעכט!

נאָר דער קאַרפּ האָט אויך אַ צד.
און ווּ צד און צדדים,
הייבט זיך אָן די מעשה פונעם רויטן פאָדעם,
וואָס ער ציט זיך דורך אַלע צרות, אַלע ווונדן.
לאַנג דער רעגנבויגן שוין פאַרשווּונדן,
לאַנג די פיש אין אים פאַרגעסן —
און מע האַלט זיך אין איין עסן!

## קע־קו־אָק

זיך צעהוליעט קוואַקי־קוואָק,
דאָס באַרימטע פרעשל, און סע גייט אַ קע־קו־אָק
(ס'איז אַזאַ מין מאָדנע טאַנץ דאָרט אין געמויזעכץ,
וואָס ער הייבט זיך אָן מיט פויזעכץ
אויפן בויך
און גייט־איבער אין אַ שפּרינגען אינדערהויך).
שפּרינגט דאָס פרעשל העכער גרינעם שימל
(דאָרטן הייסט עס ביזן הימל),
מיטן פיסקעלע ביי יעדן שפּרונג אַ צמאָק,
און די זשאַבעס פּליעסקען און זיי שרייען: קע־קו־אָק!
דאָס אַ טאַנץ, זאָג איך איַיך, עף־און־פוף!
זעט דאָס דער געמויזעכץ־וואָרעם „שלענגלגוף",
דרייט ער מיטן עקל,
מאַכט־אַוועק: „אַ שיין מין קע־קו־עקל!"
„דו קענסט בעסער?" זאָגט אַ זשאַבע,
„נו, באַווייז־זשע, אַדרבא!"
נעמט דער וואָרעם טאַנצן, ווייזט זיך באַלד אַרויס:
וואָס ס'איז שייך פויזען אויפן בויך —
גאַנץ נישקשהדיק! דאָס קען ער אויך,
אויסגעצייכנט, יאָ, אין פויזען איז ער גרויס;
אָבער אַז סע קומט צום שפּרינגען ביזן הימל —
נעבעך, פאַלט אויף אים אַ דרימל.

## דער חתן

איינמאָל שטעלן האָט געוואָלט אַ חופּה —
ווער? דאָס הייפּטל קרויט אין גרינער יופּע.
קען אָבער דער חתן זיך ניט צוקלויבן קיין כּלה.
און אין אמתן, נו וועמען? זאָגט, איך פֿרעג אײַך אַלע!
— אפֿשר דאָס אַרבוזיקל? — אַביסעלע געפּערלעך:
אַ פֿאַרמאַכטס, אַרײַנקוקן אין אים איז שווערלעך,
גאָט ווייסט וואָס אין אים דאָרט טוט זיך,
ווײַסע צי גאָר שוואַרצע קערלעך!
— און די דיניע? — געל און פֿירט ניט גוט זיך,
איז אַ פֿליאָטקע־מאַכערין, אַ צרה!
— אפֿשר גאָר די פּאָמעדאָרע?
— ע, אָן זאַלץ, אָן טעם!
— פֿרײַלן רעטעך?
— לאָזט געמאַך, איך בעט אײַך!
אַ מרשעת, פֿײַר'־און־פֿלאַם!
— שאַ נאָר, שאַ, די פּיטשעריטשע?
— מוחל אײַך די אַלטע פּריצה!
— ווייסטו וואָס, די אוגערקע? — צו גרין!
— נו ווער דען־זשע? (פֿרעגט די בין —
דאָס די שדכנטע, וואָס פֿליט אַהער, אַהין).
— כ'ווייס? איך מיין — איך טראַכט — דאָס קעפּל קרויט
וואָס שפּאַצירט דאָרט אויוון — ליכטיק דאָס און רויט —
וועו, ע —
— וואָס מיר ניט געחלומט זיך ניט די נאַכט און ניט יענע!
(זאָגט די בין) נו, טו אַ קוק:

טראָגט אַ יופּע אויף אַ יופּע און איז שיין בײַ זיך און קלוג —
אָקערשט קומט די זון און טוט אַ כּלה־קוש אים!
און פֿאַרוואָס? אין זכות פֿון די מלבושים?
זאָג מיר נאָר, דו חתן מײַן — איך מוז דאָס וויסן, איידער
אין שדכנות צו דער זון איך גיי דיר —:
דו אַליין וואָס ביסטו, דו און אָן די קליידער?
ניט אַ גאָלע גאָרנישט? ניט אַ הוילער קאַטשן?
ליג־זשע ווי מע קען דיך, ניט פֿאַר דיר זיך ווײַט צו קאַטשען!

## דאָס שלעכטע מאכל

לאַנג, צוריק מיט יאָרן,
איידער מ׳איז נאָך מיט דער באַן געפאָרן
און די וועלט אין גלות
נאָך געווען בײַ בעלי־עגלות,
דעמאָלט בעלי־עגלות זיך אין אַלדאָס גוטס געבאָדן
און שטאָט ברויט געגעסן פלאָדן.
מער פון אַלע — טאָלע:
אין דער מאָמעס בויך נאָך ער געווען אַ בעל־עגלה,
פונעם בויך, דערציילט מען, ער אַרויסגעפאָרן מיט אַ וויאָ.
און איר מעגט עס אויף אים גלייבן, יאָ!
איינמאָל ער אין שטאַל געשטאַנען,
ליב אַרומגעגלעט דאָס פערדל פאַרן שפּאַנען,
און אַרויסגעבראַכט אַהינצו
זײַן געטרײַע שפּרינצע
אים אַ גרויס שטיק פלאָדן ווײַסן,
פאַרן פאָרן צו פאַרבײַסן.
נעמט ער, טאָלע, זאָגט צום פערדל: „ליבער,
אפשר גייט דאָס האַרץ דיר איבער,
פלאָדן דאָך בײַ דיר אַ נײַעס —
האָסטו אויכעט אַ כּזית!
מערער טאָרסטו איצט ניט נאַשן,
ווײַל צו פלאָדן דאַרף אַ פערד זיך וואַשן —
ס׳שטייט אַזוי אין גראָבן קרבן־מנחה־סידור!"
און ער לייגט אַ שטיקל פלאָדן פאַרן פערד אַנידער.
נאָר דאָס פערד אַ מפונק, נעמט עס שמעקן
און דאָס זיסע שטיקעלע באַלעקן:
„וואָס מיר דאָס?"
און דערנאָך ערשט מיט דער נאָז

באַלד פון זיך אַ בלאָז.
„פע, חלשות!‟ זאָגט עס, „דאָס־אָ עסן? וויאַזוי?
עסן עסט מען האָבריק, קײַען קײַט מען שטרוי —
גיב אַ פולן זשאָלעב, וועסטו זען ווי איך וועל מאָלן!
אָבער פלאָדן? פוי! אויף וויסטע בערג און טאָלן!‟

★

פערדלעך — פערדישע מאכלים!
פלאָדן פאַר די פערד גאָר? חס־ושלום!

## דער הונט און דער ים

אויפן ים געעפנט האָט אַ הונט אַ פּיסק,
אַ געפילדער אַזש פון פּאָרטוגאַל ביז בריסק —
אויפן גישטער האָט געטון אַ נעם ער!
„דווקא, דווקא!״ שרײַט ער, „דווקא!
דווקא ווי די ווײַסע שאָף און ווי די טאַנצנדיקע לעמער!
דווקא, דווקא! גלײַך קיין נפקא־
מינה
פון אַ שאָטן ביז אַ סטינע!
און צעוואָרפן דווקא זיך אַהין, אַהער, אויף אַ מדינה!״
(זיך צעדאַווקעט אונדזער כּלב).
„גלייבט מיר, ווען דער ים איז לויטער חלב,
וואָלט שוין אויך געווען צו פיל! וואָס צו,
זאָגט די וועלט, איז איבעריק — חוץ פלייש און ביינער!
אָבער וווּ איז חלב, וווּ?
ניט קיין לעמער, ניט קיין חלב, גאָר אַ שווינדל אַ געמיינער —
גאַל און זאַלץ!
טפו! סע קריכט מיר ניט אין האַלדז!
עד, עד, וויפל איבריקס אויף דער וועלט פאַראַנען:
קעץ און געסט און ים און פליגנקיצל,
שטעקן, בײַטש, לבנה, אויסגעהוילט שקאַרמיצל —
ס׳טראָגט עס אונטער דיר דער ווינט, דו ווייסט גאָר ניט פון וואַנען!״
און דער ים?
וואָס מער עמוק, מער פאַרגינט ער זיך צו זײַן אַ תּם:
שיפן אויפן האַרץ און פערל אויפן גרונט,
פרעגט ער ניט, וואָס טויג אַ הונט!

## קידוש־לבנה

אויף אַ זילבערשיפּעלע געקרויזט מיט פּערלשוים,
שיפּט זיך די לבנה אין אַ בלאָען טרוים,
און זי שמייכלט קוים.
ערשט — אַ כּלב זיך צעבילט
אויף אַ קול מחוצפדיק און ווילד:
— עי, הער בילער,
זײַט־זשע מוחל, שטילער!
(זאָגט צו אים רב יונהלע, אַ טויב
פונעם נאָענטן טויבנשלאַק).
— אי נו, מפסיק, שקאָץ! כאַפּסט באַלד אַ פּסק!
כ׳בין מחדש די לבנה דאָך! איך זינג דאָך איר אַ לויב!
— וואָס? וואָס רעדט איר? איר באַזינגט דאָס שיינקייט דער לבנהס?
איר, הער בילער? ניין, איר טרײַבט לצנות!
— נאַ דיר גאָר לצנות! הערסט ניט? דו ביסט טויב?
— הערן הער איך, זאָגט די טויב,
נאָר — נו זאָגט אײַך וואָס איר ווילט:
לויבט אַ כּלב, דאַכט זיך גאָר, ער בילט!

## דער חוקר

די רגלים אונטער זיך פֿאַרבויגן,
אויפֿגעשטעלט די אויערן, האַלב פֿאַרמאַכט די אויגן,
ליגט דאָס אייזל און סע הייבט געדאַנקען.
(וויפֿל חקירות האָבן מיר חמורים צו פֿאַרדאַנקען!)
„אַ! גוט מאָרגן!" די געדאַנקען אומגעריכט שלאָגט־איבער אים דאָס פֿערד,
„נאָר איר טראַכט, מײַן שכן, נאָר איר קלערט!
וואָס איז עפּעס ווידער?"
זאָגט דאָס פֿערד און לייגט זיך קעגן אים אַנידער,
„הערט, געדענקט מײַן וואָרט:
טראַכטן — אי פֿאַר זיך אי פֿאַר דער וועלט אַ מאָרד!"
„כ'ווייס! נו, מילא, ס'טראַכט זיך אָבער פֿאָרט!
ס'איז אַזוי, מײַן פֿריינד, די טבע פֿון אַ חוקר —
די געדאַנקען־משׂא טראָגט ער ווי דאָס קעמל טראָגט דעם הויקער.
אָט למשל איך פֿאַרטיפֿט זיך אין נגינה:
שלאָף איך, צי קײַ שטרוי איך,
וויל איך יאָ, צי וויל איך ניט — סע אַרבעט שוין דער מוח!
ס'איז, פֿאַרשטייט איר מיך, אַן ענין ניט ווי גראָזן גרינע,
ניט אין איין כּהרף־עין
וועט איר דאָס צעקײַען!
נעמט דעם סאָלאָוויי אַ שטייגער — וואָס? אַ וועוויריקל, אַ ברעקל!
און סע קלינגט מיט אים אַ וועלט — אַ גלעקל!
זאָגט, וווּ שטעקט זײַן גבורה, וווּ? אין פֿליגל צי אין בויך?"
„כ'ווייס? מע זאָגט, אַז זינגען דאַרף אַן אויער".
„שטותים!" שאָקלט מיט די אויערן רב חמור,
„אויערן האָב איך אויך!"
„אפֿשר איז געווענדט אין קול? אין האַלדז?"
„אי, מע דאַרף דאָך ווי דער קו אײַך גיבן לעקן זאַלץ!

וואָס־זשע, כ'האָב קיין קול חלילה? ווילט איר שרײַען, שרײַ איך!"
און דאָס אײזל ציט דעם האַלדז און טוט אַ הירזשע.
„וואָס־זשע דען? זאָגט איר־זשע!"
בעט דאָס פערד.
„הערט!
איך אַז קײַ אַ זאַך, צעקײַ איך,
על־פּי שׂכל!
זינגען איז געוועגדט אין מוח'ל, ברודערציו, אין מוח'ל!"
„גאָר אין מוח'ל? וואָס איז שײַך?"
„שייך, שייך, זאָג איך אײַך, רב פערד,
נאָר דאָס שייכות איז פאַרקערט:
ס'איז אַ כּלל,
וויסן זאָל פון הײַנט די שטאַל —
וואָס דאָס מוח'ל קלענער,
אַלץ דאָס זינגען שענער!"

רויק, שטילער, טומלדיקע גאַס —
רש״י שרײַבט זײַן פּירוש אויף תּנ״ך און ש״ס!
קורץ דער טאָג, די אַרבעט גרויס, מע טאָר קיין רגע ניט פאַרלירן —
וואָס־זשע פּלוצים אָפּגעשטעלט זיך, וואָס־זשע?
עפּעס רש״י קשה,
קען זיך פונעם אָרט ניט רירן.
זיצט פאַרטראַכט ער, ברומט זיך אַ גמרא־ניגון.
וואָס־זשע זאָלן טינט־און־פעדער טון? מע נעמט דערווײַל זיך קריגן:
— דו, רב פעדער, גרויס בײַ דיר נאָר זײַ ניט!
(ס׳טינטערל סע טענהט)
שׂכל שעפּסט פונוואַנען דו? פון מיר!
איך אַ ים פון חכמה בין איך, מײַנס אַיעדעס טרערל
דאָך אַן אבן טוב, אַ פּערל —
אַ שוואַרצאַפּל אין דעם אויגנווייסל, וואָס מע רופט פּאַפּיר! —
און אַקעגן טינטערל די פעדער:
— וואָס? וואָס רעדט ער דאָרט, דער שוואַרצער בעדער?
אויב דער טינטער ים, בין איך דער שטעקן וואָס איך שלאָג אים!
זאָג איך אים און זאָג אים:
וואָס ביסטו? אַ מקווה, ווו צו טבילה זאָל איך גיין,
איידער קלוגע פּעפּערלעך אויף ווײַסן פעלד איך נעם פאַרזייי׳ן —
דאָס אַ הייליקע עבודה, ניט קיין שפּילעכל חלילה!
מוז פאַר יעדן שורהלע איך האָבן טבילה!
(זאָגט די פען). און רש״י קנייטשט דעם ווײַסן שטערן הויכן,
קוקט אויף טינט־און־פעדער און באַדויערט זיי: „כּאן בּוכין!״
וואַרטן אויף אַ תּיקון אָרעמע צוויי זאַכן —
רש״י ווייסט ניט וואָס מיט זיי צו מאַכן.

# מרימס ברונעם און דער עמוד אש

האָט אַ פאָלק באַפרײַט זיך פון מצרים,
מאַכט דער ים אַ וועג אים, מדבר איז געטרײַ אים.
שטיין, קענסט גיבן וואַסער אים? איך קאָן!
און דו, קופּערהימל, דו וואָס שענקסט אים? מן!
בערג, פון אייביק אָן באַזונדער זיך געשטאַנען,
דער אין מואב, דער אויף באָדן פון זכות־אבות,
און אַ יעדער זיך אין אייגענע מחשבות —
זיי דערזען נאָר די באַפרײַטע מחנות שפּאַנען,
קאָפּ צו קאָפּ געבויגן, זיך צונויפגעשלאָסן
און הכנעהדיק געבעטן:
„זאָל אויף אונדזער פּלייצע אונדזער חלום טרעטן,
אונדזער חלום, וואָס באַקומען בלוט־און־פלייש!"
און דער מרים־קוואַל, וואָס נאָך די מחנות נאָכגעפלאָסן,
גלײַך אַן אויג פון מוטער ערד, מיט חסד אָנגעגאָסן,
שטיל געמורמלט און גערעדט צום עמוד אש,
צו דעם פײַערזײַל, וואָס פאַרן פאָלק געגאַנגען,
אים דעם וועג געלויכטן און געברענט די מדבר־שלאַנגען.
— ברודער, זאָגט דער קוואַל צום פײַער, וואָר דאָס צי אַ חלום?
זע נאָר, בערג געשלאָסן שלום!
אפשר צײַט שוין, פײַער זאָל מיט וואַסער גיסן זיך צוזאַמען?
קום, אָ ברודער, שפּרינג מיט דײַנע פלאַמען
אין די אָרעמס מײַנע קילע!
— זאָל גאָט היטן! חס־וחלילה!
— נו פאַרוואָס־זשע? — פײַער זאָל מיט וואַסער זיך גאָר שפּילן?
— מערק
די בערג!
— סאַראַ גלײַכן? בערג פאַרשיידן טראַכטן, מיר פאַרשיידן פילן!

## די קראָ און דער קוקוק

„קום אַהער, מײַן ראָבעלע, געקומען שוין די שעה
לערנען זיך נביאות זאָגן !"
צו איר זינדעלע געזאָגט די אַלטע קראָ,
„מאָרגן, ווען דאָס ערשטע פרילינג־ווינטעלע זיך טראָגן
איבער נאָנטע, ווײַטע וועגן,
קומען לײַט צו דיר שוין עצות פרעגן,
בוקן זיך און כּיבוד לייגן — ווערסט בר־מצווה !
ניט געלאָזט ביז הײַנט זיך לערנען, איצט ווי
ווערסטו נעמען שׂכל און ווי וויסן וואָס צו רעדן,
ווי באַגיין זיך און וואָס ענטפערן אַיעדן ?
הער־זשע כאָטש איין כּלל : מע גיט דיר — נעם !
אָבער זאָג ניט וואָס דו ווייסט — געדענק, למען השם !
ביטער איז דער אמת, ביטער,
און מיט צאָרן הערט מען אים, מיט שוידער און מיט ציטער —
נו, איז מאַך אַביסעלע אים שיטער !
דו פאַרשטייסט ? סע רעדט זיך נאָר אַזוי „אַביסל" —
צײַט דו זאָלסט צעפּיקן שוין דאָס ניסל...
קיצור : וואָרט וואָס שענער — אמת בלייכער,
אָבער לאָזן מוזסטו דאָך פון אים אַ סימן, כאָטש אַ זכר !
און דעם אמת ליבן זאָלסטו, לויבן !"
„יאָ ? נאָך וואָס ?" „כּדי מע זאָל דיר גלויבן !"
און פון דאָרטן אָפּגערוקט העט־העט
זיצט זיך אויף אַ בוים דער קוקוק און ער רעדט :
„הער זיך צו, מײַן זון !
מאָרגן, ווען אין מיטן הימל שטייט די זון,
וועט געשען, דער רוח־נבואה וועט אויף דיר אָניאָגן —
זאָלסטו וויסן, זון, ניט שרעקן זיך, ניט שרעקן !
קלאַפּן זאָלסטו ! קלאַפּן ! וועקן !

און דעם אמת זאָלסטו זאָגן,
אמת!
זאָג זיי, ווו די צרה, ווו דער סמך־מם איז —
פון דער מאַמעס איי באַלייט זיי דאָך דאָס בייז!
אָבער יאָ, וואָס וויל איך זאָגן? ווייס —
(ביסט דאָך נאָך אַ קינד, און מאריך זײַן וואָס טויג?
ריין און לויטער ווי דער פרילינג־טאָג דײַן אויג...)
נאָר איך זאָג דיר, כאָטש דו וועסט מיך ניט פאַרשטיין:
ווי דער אמת זאָל ניט שיין זײַן און דערהויבן,
גיב אים צו אַ שקר־ווײַמפערל, אַ חן!"
„יאָ? נאָך וואָס?" „כּדי מע זאָל דיר גלויבן!"

## גוטע־ברידער

אויפן שפּיץ פון הויכן, גרינעם באַרג,
וווּ די ווינטן בלאָזן שטאַרק,
זיך דער פעטער רב רחמיאל
אויפגעשטעלט אַ נײַע מיל.
נו, אוודאי, פאַר אַ ווינטמיל דאָרט
אי דאָס העכסטע אי דאָס בעסטע אָרט.
נאָר אַ צרה: שווער, מסוכן שווער אַהין צו קריכן.
וואַרט רחמיאל אויף קונים, וואַרט ווי אויף משיחן.
נײַ די מיל, דאָס ווינטל פריש —
און ער זיצט ווי שבת נאָכן טיש.
שרעקלעך!
איינמאָל, ווי ער הערט — אַהאַ, סע קלינגען גלעקלעך!
שטעלט ער אויף זיך, קוקט זיך צו גוט מיט איין אייגל,
זעט ער, באַרגאַרויף דאָרט מיטן שטעגל
פאָרט אַ פערד־און־וועגל,
און דאָס וועגל אָנגעלאָדן פול מיט זעקלעך.
„אָ, רב אָרן!" רײַבט זיך רב רחמיאל פאַר פרייד די הענט,
אָרן (רב רחמיאל פונווײַטן אים דערקענט)
פאָרט אַ פריינד! פאַרלאָזט ניט! קומט צום פעטער מאָלן!
אָט אַ קונה! ניט צו דינגען זיך און שיין באַצאָלן!
אָרן —
ע, אַ גוטער־ברודער נאָך פון קינדער־יאָרן!"
און רב אָרן,
ער פאַמעלעך באַרגאַרויף געפאָרן
און געטראַכט:
„וווּ אַ מענטש אַ מילעכל זיך מאַכט —
וווּ דער טײַוול זאָגט אַ גוטע נאַכט!
יאָ, אַהין מיט זעקלעך זיך צו שלעפּן ניט קיין נחת —

נאָר אַ ברירה? אַז די מילנערס זיך געמאַכט יד־אחת,
שנײַדן פּאַסעס און קיין חילוק
סײַ אַ פרעמדער סײַ אַ שכן! יאָרן, יאָרן!
שלעכטע צײַטן, און אַ גראָשן מוז מען שפּאָרן!
שווער אַרויפצושלעפּן זיך, דערפאַר וועט קאָסטן ביליק,
צי אומזיסט גאָר אָפּמאָלן דאָס ביסל קאָרן —
ע, רחמיאל אַ גוטער־ברודער נאָך פון קינדער־יאָרן!"

## די גאַנצע וועלט

שאָקלט זיך דער בוידעם, וואַקלט זיך דער דאַך,
אָט אַבאַלד־אָ — קראַך!
מויערן
ווי די קעמלען אויף די קניעס וועלן הויערן!
עפּעס סקריפּעט דאָרט אין שטאַל ווי זעכציק בייזע טויערן —
קינדער זיך באַהאַלטן, ווײַבער זיך דערשרעקן.
קומט צו לויפן מיטן שטעקן,
אַ פאַרסמטער, דער באַלבאָס:
„ע, וואָס איז דאָ, וואָס?"
ערשט — דאָס אייזל רײַסט דעם גאָרגל,
רעוועט, פרוווט אַ ניגונדל מלאכה'ן,
און די פערדלעך שטייען זיך און שמאָכען.
„מזל־טוב!" צעלאַכט זיך דער באַלבאָס, „אַ חזן מיט אַן אָרגל!
שטיל! גענוג שוין!" שרײַט ער, „שטילער!"
„הערט נאָר", זאָגט דאָס אייזל, „הערט! וואָס וויל ער?
אים, מיר דאַכט, מײַן זינגען ניט געפעלט!
עי, באַלבאָסל,
מיינסט, אַז דיר געפעלט ניט, איז דער ניגון פסול?
קליגער דו גאָר פון דער גאַנצער וועלט?
אַז אַ גאַנצע וועלט זאָגט גוט, זאָגט ער פאַרקערט!"
„אייזל, ווער די גאַנצע וועלט?" „די פערד!"

## שיכל, ביכל, טיכל

ניט איניינעם בלויז צוליב די גראַמען,
ניין, אַמאָל די דרײַ געטראָפן זיך צוזאַמען.
זאָגט דאָס שיכל:
„איכ׳ל
אײַך דערציילן ווו איך בין געווען,
וואָס איך האָב געזען —
נו, פאַרשטייט זיך, אַז איר וועט דערלויבן“.
„אָך, זײַ׳ר גערן!
רעד, אַבי זאָל זײַן נאָר וואָס צו הערן!“
„אויב אַזוי, מוז איך אַליין אַביסעלע זיך לויבן:
איך בין שיכל, „וואַנדער־וואַנדער“,
אויף זײַן פוס געטראָגן מיך דער מלך אַלעקסאַנדער,
אַלעקסאַנדער מוקדן — איר געהערט פון אים אַוודאי —,
און דער ערשטער הייליקער מיקאַדע,
און דער כּישופמאַכער פון גראַנאַדע —
האָב אַ כּוח איך: איך טרעט אויף עגדעשן און שלענג!
איך געדענק,
איינמאָל אין אַ מדבר איך זיך אָנגעשלאָגן אין אַ באַרג:
טו אַ שפּרונג איך — בין איך אויפן קאַרק
פון אשמדאי!
קלאַפּ איך מיטן קנאַפּל, איינס, צוויי, דרײַ —
איז דער אשמדאי אַ כמאַרע!
נאָך אַ טופּע — אויס, אַ גאַרנישט, שפּענדלעך־ביינדלעך דאַרע!“
„בבא־מעשׂיות!“ זאָגט דאָס ביכל, „טויזנט און איין נאַכט!
זעט איר, איך — איך האָב אַ מאַכט!
אויסגעמאָסטן איך דעם גאַנג פון שטערן, זון, לבנה,
און די קנייטשן פונעם ים און זײַ׳ר באַהאַלטענע כּוונה!
זאָג אַ וואָרט איך, אַ באַפעל די בליצן,

איז געפֿלויגן און באַוויזן זיך ווי שדים
דורך שפּילקע־קעפּלעך, נאָדלשפּיצן!
און איך פֿאַר דעם בליץ מיט שטורעם און צעשייד אים!
נו, און דו וואָס?״ טוט אַ דריי זיך אויס דאָס ביכל
און אַ פֿרעג דאָס טיכל,
„האָב ניט קיין פֿאַריבל, עפּעס זעסטו־אויס מיר ווי אַ פֿליכל
אויף אַ שוואַכן קאָפּ!״
„איך? איך האָב —
איך האָב אויפֿגעטון נאָך עפּעס מער!״
„וואָס איך הער!״
„יאָ, יאָ, איך האָב אויסגעווישט פֿון אויג אַ טרער!״

## חקירה

צו פיל חקרענען איז שעדלעך,
דאָס ווייסט, דאַכט זיך מיר, איעדער;
ניט געוואָלט דאָס וויסן נאָר דאָס קלענסטע פון די רעדלעך
אין מײַן אַלטן זייגער און כסדר
נאָר געחקירהט און געוואָלט דערגיין
אי די סיבה אי דעם תּכלית פונעם דריי'ן
פונעם גאַנצן זייגערגאַנג.
„לאָמיר", זאָגט עס, „דאָס נאָר גוט פאַרשטייען, מיט געדאַנק:
ס'דרייט איין רעדל מיטן צווייטן — אמת,
דאָס פאַרשטיי איך, איך באַנעם עס!
און מיט אַלע רעדער
דרייט דאָרט, זאָגט מען, גאָר אַ דינע פעדער —
אויך אַ סברא! און ווער דרייט די פעדער, ווער?
דאָס צו זאָגן איז שוין שווער.
שמוסן שמוסט מען, אַז פון יענער זײַט קאָפּערטע דאָרט
ליגט אַ ראָד אַ גרויסער און ער דרייט מיט אַלע —
מיגלעך! איז דאָך אָבער אַלץ די אייג'נע שאלה
ווידער אויף איר אָרט:
און דאָס ראָד דאָרט ווער באַוועגט?"
און געפרעגט
און געטראַכט, געטראַכט
האָט דער חקרן זיבן וואָכן מיט אַ נאַכט
און דערנאָך געטראַכט ערשט נאָך
דרײַ חדשים מיט אַ וואָך.
און צום סוף האָט ער דערקלערט —
אויב איר ווייסט ניט וואָס, טאָ הערט:
יענעם ראָד דעם גרויסן,
וואָס ער דרייט זיך דאָרט אינדרויסן,

דרייט אַ ראָד נאָך איינער
און, פאַרשטייט זיך, ניט אַ קלײנער,
און אויך יענעם דרייט אַ דריטער — און דעם דריטן?
וואָס־זשע האַקט איר איבער אינדערמיטן?
און דעם דריטן דרייט אַ פערדער, און אַזוי אַלץ ווײַטער, ווײַטער —
צו פאַרטיפן זיך האָט צײַט ער.
נו, און סוף־כּל־סוף?
מזל־טוב!
אויסגעקלערט דער פילאָזאָף
נעכטן גראַד
נאָך אַ נײַעם ראָד!

## דער זייגער און דער ווילנער גאון

ווער האָט ניַין מאָס רייד ?
וויַבער ? גייט שוין, גייט !
וויַבער, אמת, ליב צו רעדן, ווי דער שטייגער,
אָבער מער פון זיי דער זייגער.
ער קען קלאַפּן, רעדן אַ מעת־לעת איַיך דורכאַנאַנד,
און ער וויל, מע זאָל אים הערן — פּיַינט צו רעדן צו דער וואַנט.
הערט מען נישט, איז נעמט ער קלינגען, שריַיען,
נאָר בכלל ער רעדט זיך ווי אַ גריל סע גרילט —
מיט אַ קאַלטער לעבער קען ער שעה'ן־לאַנג איַיך בריַיען.
ציט נאָר אָן אים, רעדט ער וועגן וואָס איר ווילט !
ווילט איר פילעסיפיע — ער האָט איַיך אַ באַוויַיז,
אַז דער גליַיכסטער אמת קרום
און די ציַיט אפילו אויכעט נאָר אַ קריַיז,
ווי אַ קיַילעכדיקער נול זי נעמט די וועלט אַרום.
און דאָס לעבן וואָס ? אַ גיי, אַ קום,
גיי־אַהין און קום־אַהער —
און דער סוף ? איין אייביק גרויסער ווידערקער !
אויך אין פּאָליטיק ער האָט ניט ווייניק פּראַקטיק :
ווייסט דעם סוד פון דרייען און פון טאַקטיק,
און דאָס אויך אַביסעלע —
ווי אַ רעדלפירערל אַ קליינס, אַ ליידיק שליסעלע,
קען אַ גאַנצן מעכאַניזם אָנדריי'ן און באַוועגן.
און אין מעדיצין —
דאָ אַוודאי ער אַ בקי, נאָך אַ מין !
דען פאַראַן אַ חולה, וואָס ביַים זייגער זאָל ניט פרעגן,
ווען וואָס צו געזונט און צו רפואה זאָל ער נעמען ?
און אין קלייניקייטן אויך באַהאַוונט —
ווייסט ער, ווען מע עסט און ווען מע דאַוונט,

ווען מע דאַרף זיך אויסטון און ווען אָנטון און פאַרקעמען.
און אַ שאלה פסקעט אויך ער — ווייסט, צי טאָר איך
עסן מילעכיקס שוין לויטן שולחן־ערוך,
כאָטש געגעסן פלייש היינט.
קלאַפּט ער, קלאַפּט, דער זייגער, פיר און פינעף שעה׳ן —
צו זיין שכן רעדט ער עס, צום בילד פון ווילנער גאון,
וועגן דעם, וואָס היינט די זון אונדז ווילד און בייז שיינט
און די שטראַלן מיט אַ ציטער.
שיט, שיט, שיט און שיט ער,
און דער גאון, ווי אַ תּלמיד־חכם, ניט פאַרלירט די רו,
הערט געדולדיק, שלאָגט ניט איבער,
ענדלעך שטעלט ער אויך אַריין אַ חצי־דיבור:
„נו?"
ערשט — דער זייגער זיך צעקלונגען מיט אַ בייז געקלאַנג:
„אַז מע לאָזט ניט רעדן, האָט דער שמוס ניט קיין געדאַנק!"

# באַלעבאַטים

פֿאַר די אויגן מיר אָט שטייט ער,
ווו אַ זומפּ זײַן הסב־בעטל,
אַ באַלבאָס אַ יוסטער, ברייטער,
ער שפּאַצירט זיך אין מײַן שטעטל.

## ניט באַלבאַטיש

קומט דער חזיר אין אַ פּריציש הויף,
טוט זײַן חוב,
נישטערט מיט דער מאָרדע,
און ער כריאָקעט אומצופרידן: „ניט מײַן אָרט דאָ!
נאָר מטריח זיך געווען אומזיסט!
קיין טאַזיק ניטאָ, קיין בערגל מיסט —
גאָלע שטיין!
ניט באַלבאַטיש, פּע! צו ריין!"

## באַלעבאַטים

אפשר קענט איר זיי, רב פּיסל־פּעסל
און רב עסל־פּרעסל,
ביידע באַלעבאַטים אַלט־געזעסענע,
צוויי חזירים אויסגעפרעסענע,
קײַלעכדיקע בײַכלעך, נאָר די מאָרדעלעך פאַרצרהטע.
(אַז ניטאָ קיין אייג׳נע דאגות, זאָרגט מען פאַרן כּלל!)
ס׳איז נאָך מוילצײַט, אויסגעליידיקט שוין די קאָרעטע,
און כּדי דאָס עסן וויל באַקומען זאָל,
ליגט מען און מע רעדט פון וועלטזאַכן, פון אַלץ, פון יעדן —
און, פאַרשטייט זיך, רעדן הייסט באַרעדן.
פריי׳ר באַרעדט די שקאַפע, וואָס האָט ליב צו טון אַ דריגע.
און דערנאָך דעם שכן: יאָ, אַ שוטה ער ווי אַלע היגע —
זיך געעפנט אַ געוועלבל
און ער טרײַבט די קונים, לאָזט ניט צו קיין חזיר צו דער שוועל!
ניט פאַרגעסן זיי די קו אויך מיטן קעלבל —
ברענען זאָל אויף זיי די פעל!
ווי דאָס מאַמעלע, אַזוי דאָס קינד!
איצט באַרעדט מען שוין די הינט:
— אַז ניט דורכצוגיין דאָס געסל!
(זיך צעהיצט רב פּיסל־פּעסל)
האַווקעט איינער — האַווקען אַלע! וועכטער!
איז ניט אַ געלעכטער?
אַלע טאָג דער שטעקן זיי די ביינער ברעכט ער,
ניט מסתּם פאַר תּשובה־תּפילה —
און די גאַנצע וועלט בײַ זיי גנבים!
אַלצדינג האָט אַ שיעור, נאָר ניט די העזה פון די כּלבים —
קעגן דער לבנה בילן זיי אַפילו!
— חוצפּה קעגן הימל?

— איך אַליין געזען דאָס, ווי מיר האָבן הײַנט יום גימל!
— וואָס־זשע שווײַגט מען? ווו האַוורילע
מיטן שטעקן? וואָס? לית־דין? לית־דיין?
גוואַלד אין אַלע גאַסן ווען מיר שרײַען!
אויפהייבן אַ ליאַרעם, אַלע הינט אַרײַנלייגן אין חרם —
און זאָל וויסן די לבנה, אַז סע לעבן נאָך חזירים!

## דער אומגליק

זומערלעב אין דאָרף. די לופט איז אומבאַוועגלעך.
שבת אָנגעיאָגט אום מיטוואָך? מעגלעך!
אַ פּאַרחלומטקייט, און זון, און ריינע פּאַרע.
עפּנט־אויף דער הימל ערגעץ דאָרט אין עק אַ שפּאַרע,
לאָזט־אַרויס אַ קראָ,
נעמט די קראָ זיך אויסצי'ן ווי סע ציט זיך אויס אַמאָל אַ שעה,
ווען מע וואַרט, מע קען זיך ניט דערוואַרטן. אָט אַ בליץ!
נאָך אַ רגע — פרישער רעגן טוט אַ שפּריץ!
אוי, אַ ברכה אַזאַ רעגן נאָך דער גרויסער היץ,
אַ דערקוויקונג! די נשמה עפנט אַלע פאַלדן
און מחיה ווויל איז.
אָבער הערט אַ קוויטשען, קולות —
די חזירים טראָגן זיך צעטומלט און מע מאַכט געוואַלדן:
„כאָר־כאָר, כמאַרעס! כאָר־כאָר כמאַרעס! כאָר־כאָר־כמאַרעס!"
„עי, כריאָקאַרעס!
עי, וואָס איז אײַך?" פרעגט דער הונט,
„הערט נאָר, הערט אַ גרילצן! גלײַך סע גייט די קיך צוגרונט!
כמאַרעס? נו, איז כמאַרעס! וואָס־זשע האָט מען דאָ צו רעשן?"
„אוי, געוואַלד, זיי באָדן! אוי־אוי־אוי, זיי וואַשן!"
שרײַען די פאַרשמירטע בריות,
„אוי, אַ צרה! אוי, אַן אומגליק! מיר געפילט נאָך פונדערפרי עס!
פונדערפרי!
כרי!!"
ס'האָט געטון אַ רעכטן וואַש די לײַט און מיטאַמאָל אויף זיי אַ גיס,
און מע לויפט, מע לויפט אויף אַלע פיס,
גיך אין זומפּ אין אַלטן
פאַרן פרישן רעגן זיך באַהאַלטן.

## די מורא

אומעטיק, פֿאַרכמורעט, מיטן קאָפּ צו דר'ערד,
גלײַך אַ בייזע בשׂורה ערשט געהערט,
צי אַ חולה, נעבעך, אַ געפּערלעך שוואַכער —
דרייט זיך אום רב דבר־אחר.
— וואָס מיט אײַך, הער חזיר? (פֿרעגט דאָס פֿערד)
נאָך קיין פֿריילעך קול פֿון אײַך איך ניט געהערט!
אויף מי־יחיה וויינט איר? וואָס?
— חס־ושלום! ניין, ניט דאָס!
— וואָס־זשע דען? — אַ צרה, ברודער! שלעכט!
אוי, סע לאָזט ניט רוען דורך די נעכט!
שטאַלן, שפּײַכלערס, אוצרות אָן אַ שיעור —
און פֿון וועמעס וועגן? אַלץ פֿון מײַנעטוועגן דאָך, פֿאַר מיר!
און איך קען זיך ניט צערײַסן, כ'ווייס ניט ווהין פֿרײַ'ר —
מורא, עפּעס וועט נאָך בלײַבן דאָרט פֿאַר דיר!

## דער תּם

„גוט יום־טוב איַיך! איך גיי היַינט אום גוט יום־טוב ביטן.
איר מיינט, כ'האָב איַיך פאַרגעסן? זאָל גאָט היטן!"
דערזעענדיק רב זלמנען בײַם טויער,
שריַיט־אויס מיט שמחה רב לאַנגאויער.
„אַהוטש, אַהוטש! צו אַלדי שוואַרצע יאָר!"
פאַרהאַלטנדיק די נאָז, הייבט זלמן אָן צו שריַיען,
צו שעלטן און צו שפּיַיען.
„וואָס־עפּעס", פרעגט דער גאַסט, „די רוגזה גאָר?
מה־רעש? באַדאַרפט צו קומען פריי'ר?
בכבוד גדול, גלייבט מיר, ווען — ווען איר
זענט איינער נאָר בײַ מיר!
איך האָב דאָך אָבער נאָך דעם רב, דעם דיין,
און כעסל
דעם דרדקין, וואָס וווינט אין הינטערגעסל,
דעם חזן און דעם שוחט
אויכעט,
און גאָדל בעל־עגלה, אַ בן־עיר,
אַ מכניס אורח און קיין נ'הרע
מיט אַלדאָס גוטס דאָך אַן אָבאָרע —
מע קען זיך ניט פאַרקריגן! ווי זאָגט איר?
אי דאָ אי דאָרט צו זיַין איז נייטיק.
היַינט זיַי אַ בריה, ניט פאַרשפּעטיק!
איז האָט מיר קיין פאַריבל ניט, מע מוז
געפינען יעדן דאָך אַ זכות.
וואָס זאָל מען —"
געפונען אָבער האָט גאָר זלמן
אַ שטיַיטל האָלץ און פוק — געטריַי אים
אין זיַינע כשרע רגלים!

דער חזיר — גיך, צוואַליאָם־צוואַליאָם!
און מאָרגן די חזירים
דערציילט די מעשׂה אונדזער תּם
און שמאָכעט: „ווי געפעלט איַיך דאָס, חברים?
אַ כּעסן! ניט געהאָלפן קיין תּירוצים!
אַ שיַיטל האָלץ גאָר פּלוצים!
נאָר פאָרט ניט שולדיק —
מסתּם געוואַרט שוין, נעבעך, אומגעדולדיק.
דערפאַר פאַרזאָגן וועל איך ביזן צענטן דור:
גוט יום־טוב ביטן — גאַנץ קאַיאָר!”

## עק וועלט

חזיר חזיראָוויטש ערגעצוו אַ גאַסט געוואָלט זײַן צו אַ ליבער,
האָט מען, בטלנדיק חלומות, אויסגעגאָסן
אויף זײַן קאָפּ — זאָל פאַלן דאָס אין וויסטע גריבער!
וואָס־זשע מיינט איר, זיך באַליידיקט? אים פאַרדראָסן?
בע! איר קענט אים ניט! מיט כּל־טוב אָנגעלאָדן,
גייט, שפּאַצירט ער זיך, דער אדון,
כריאָקענדיק, געלאַסן,
איבער אַלע גאַסן.
וואָס,
עפּעס זידלט מען זיך? מע פאַרשטעקט די נאָז?
מילא! ניט געפאַלן ער בײַ זיך חלילה —
ס'איז דאָך דאָ אַן עצה: טבילה!
דרך־ארץ! רוקט זיך אָפּ לעת־עתּה!
ער איז ער! און אָט־אָ
שוין געפונען, וואָס ער דאַרף — אַ בלאָטע.
אויסגעוואַלגערט כּדבעי, איצט שפּאַצירט ער ווײַטער,
פריילעך, ס'שמעקט די טבילה וויל אים —
נאָר אַ פלא, עפּעס רוקט זיך איצט נאָך מער פון אים דער עולם,
און אָט פליט אַ שטיין גאָר! אַרט דאָס אים שוין, שרײַט ער:
„עק וועלט! מער דו טובלסט זיך און מאַכסט זיך ריינער,
מערער וואַרפט מען אין דיר שטיינער!"

## דער חזיר און די וואָראָנע

מאַכט אַ וואַרע, קינדער! אָט־אָ גייט ער,
שפּאַנט ער, דער באַלעבאָס דערברייטער!
און וואָס ריטשעט ער, וואָס מאַכט אַזאַ געוויש ער?
אויף דער וועלט ער ברוגז — אַז ניטאָ קיין יושר!
„ווער אויף ריינקייט", שרײַט ער, „גיט השגחה? איך!
ווײ אַ בלאָטע, ווײ אַ צרה — קריך,
נישטער, באָברע! ס'העלפט דאָך ניט — אַ חוב!
און צום סוף גאָר: קום איך אין אַ הויף,
באַלד אַהוטש, אַהוטש, אַ וויסט געיעג,
און — אַ חרפּה! — אָפּטמאָל אויך געשלעג!
כפוי־טובהניקעס! זאָגט, פּאַרוואָס־זשע? אפשר קאַרג
הײַנט געריייניקט אויפן מאַרק?
נו, בכן? דריבער?
אדרבא, זאָגט מען: „זײַט־זשע מוחל, גייט אײַך איבער!"
וועט איר זען צי פּאָלג איך ניט. מיך אַרט ניט,
אַז מע ווײַזט מיר אָן, און וואַרט ניט,
מע זאָל בעטן מיך — גענוג נאָר זאָגן!
אָבער שלאָגן גאָר? וואָס הייסט עס שלאָגן?"
„טאַקע, טאַקע!"
שרײַט רב קראַקע
(ער געפלויגן איבער טאָל און פעלד זיך —
אויפן חזיר אָפּגעשטעלט זיך),
„אויסוואָרפן! רשעים! אָ, ווי
מיך באַהאַנדלען זיי דאָ, מיך, זיי'ר נביא!
וואַרפן זיי ניט שטיינדלעך מיר שטאָט ברעקלעך?
שרעקלעך, שרעקלעך!
פּאָלג מיך, ברודער, פּאָר מיט מיר קיין ארץ־ישראל,
ווען מיר הערן, וואָס אָן אונדז וועט טון דאָ קהל!"

## דער חזיר און דאָס פערד

הערט!
אינדערפרי דער חזיר מיטן פערד
שמועסן זיך ווי ליבע שכנים איבער:
— אַ גוט־מאָרגן דיר אין זשאָלעב, ליבער!
— אַ גוט־יאָר דיר אין דײַן צעבער, אין דײַן קאָרעטע!
פון קאַיאָר אַ זון הײַנט אַ צע׳יצר־הרע׳טע
זיך צעקאַטשעט ווי אַ יונגע שקאַפּע אויף די וועגן,
וועט שוין זײַן אַ רעגן!
— כריאָק! אַ דאגה איז דאָס, נאָר ניט מײַנע —
גאָט בּרוך־הוא פאַרלאָזט ניט די חזירים זײַנע.
זאָל זיך רעגענען! דאָ וואַשט דער רעגן, דאָרטן וואַקסט די בלאָטע!
— אָט־אָ!
(טוט מיטביידע נאָזלעכער דאָס פערד אַ שמאָרע)
אָט אַדאָס איז דאָך די צרה!
אײַ, די בלאָטעס! אײַ, זיי ליגן דאָך מיר אין די זײַטן!
— אין די זײַטן דיר די בלאָטעס ליגן?
וואָס־זשע שרײַסטו? פערד, דיר ווייניק פאַרגעניגן?
— פאַרגעניגן זאָגסטו? פאַרגעניגן, אַז די זעל פון זיך אַזש שפּײַט׳ן?
אָך, אָך! איך דאַרף מאַכן הײַנט אַ וועג אַ ווײַטן!
— מאַכט מען!
— יאָ, פאַרשטייט זיך! וואָס, אַ ברירה? אָבער טראַכטן טראַכט מען:
סע פאַרכאַפּט אַ רעגן,
און די וועגן — אוי, די וועגן!
— וועגן? וואָס די וועגן? — זומפּיק, חזירעניו, זומפּיק!
— עט! אַווו אַ פערד־קאָפּ, איז ער שטומפּיק!
— ווו אַ חזיר, איז אַ חזיר! פּאָר!
— קוק אים אָן נאָר, פּעסט זיך גאָר!

האָסטו אויפן ניכטער־האַרץ דיר אַ צוזאַמענשטויסעכץ !
(זאָגט דער חזיר און גייט זוכן אַ געמויזעכץ).

*

שפּעטערצו צום פערדל רעדט דער וואָגן :
„הערסטו, וואָס איך וועל דיר, ברודער, זאָגן —
פאַר אַ חזיר אויף קיין בלאָטע זיך ניט קלאָגן !"

## דער חזיר און דער סאָלאָוויי

ניט קיין שאָרך! אַ פּיפּס צו טון ניט וואַגט!
שאַ! דער סאָלאָוויי, ער שפּילט, ער קנאַקט:
„קוויק דאָס האַרץ, קוויק, קוויק, קוויק עס, קוויק עס
און באַגליק עס!
ס'איז אין לעבן דאָ מתיקות!
קוויק!
בליק נאָך בליק
פלי'מיר דאָך צוריק, צוריק, צוריק!
בליצט אַ בליץ, פאַרבליצט ער!
ווען־זשע אַז ניט איצטער? איצטער, איצטער, איצטער!
פלאַטערדיק, צעהיצטער
פלאַקער! פלאַקער!"
הימל עפן זיך! וואָס וויל ער, אָט דער קנאַקער?
שטילער, שטילער! לאָזט אַליין אים!
שוין, ער שפּילט שוין ניט פאַר קיינעם,
נאָר פאַר זיך, פאַר זיך אַליין אַ מזמור:
איז מיר,
ווי אין אַ געפענקעניש אַ פייגעלע זיך פּיעסטעט,
ענג אים און די לופט פאַרפעסטעט,
און סע קען ניט מער —
סע פאַרגייט זיך און סע בעט זיך, בעט זיך רחמים
ביַי זיַין אייגענער נשמה, זאָל זי לאָזן זיך פאַרקיַיכן אים
און אויף אייביק זיך פאַרכליסנען אין אַ טרער!
הער נאָר, הער!
ווידער שוין גענומען שטאַרקער, העלער —
טאַנצט אַ שטערן אויף אַ טעלער!
הללויה! ערגעצוו קלינגט־אָפּ אַ סטרונע
פון בטחון, פון אמונה!

טסס! אַ פֿרוב איז דורכגעפֿלויגן
אויף אַ ציטער־שטראַל, די טרעלן
אים געפֿעלן,
און ער קלויבט זיי און ער טראָגט זיי העכער, העכער,
אין אַ פֿײַערדיקן בעכער. —
און געמיטלעך, אַ באַלבאָס אַ יוסטער, האַלב פֿאַרמאַכט די אויגן,
דרימלט זיך רב בולפֿאָס, כּשר־פּיסל אויסגעצויגן,
גענעצט, הייבט בנעימותדיק זיך אויף,
און די מאָרדע שאָקלענדיק אַראָפּ, אַרויף,
פֿרײַכט ער און זאָגט גרעבצנדיק: „כריאָק, כריאָק!
העי, דו סאָלאָווייטשיקל, אַ רוח דײַן באַבען, זאָג,
ווו זיך אויסגעלערנט אַזוי קנאַקן?
כריאָק! (שוין לאַנג געטון אַ גרעבץ אַזאַ געשמאַקן!)
שפּיל, שפּיל, ממזרל, איך וועל דיך ניט פֿאַרגעסן!
שפּילסטו, קאָכט דער מאָגן אַנדערש גאָר דאָס עסן!"

## רב סוויניאַקע

רב סוויניאַקע —
יאָ, אַ חזיר איז ער טאַקע,
נאָר אַ חזיר אָן אַ גאַל.
מעגסט אים זידלען, שעלט אפילו אים אין טאַטן,
ווייסט ער, פון קיין קללות ווערט מען ניט בדל
און אַ זידל־וואָרט צום מאָגן קען ניט שאַטן.
און דעריבער: קומסט־אַרײַן אין הויף, אין שטאַל —
הער ניט גאָרניט, טו דיר דײַנס, געניס!
וואַרט ניט אויף כּיבודים, מאַניפּאָרגעס,
וואָס געפעלט דיר, נעם, צי באָרג עס,
סײַדן, גאָט באַהיט, מע שלאָגט איבער די פיס;
אַז מע גיט, חלילה, דיר צו פילן,
טאָר מען מיט קיין שטעקן זיך ניט שפּילן —
שוין צי־אָפּ! אָן טענות! מאָרגן מעגסטו קומען ווידער.
גייט ניט איין מאָל, פּרוווט מען נאָך אַמאָל, נישקשה.
פּרוווט ער, טרעפט ער: בײַ דער טיר ליגט יאַכנע־דוואָשע
די מכשפה, זי, די שוואַרצע קאַץ, און וואַרעמט זיך די גלידער,
וואַשט זיך, גלעט דאָס כּשר־פּיסקעלע, אַ גלעטל נאָך אַ גלעטל.
— מיאָ, אַ גאַסט אין שטעטל!
מיאָ, ווי גייט עס, פּאַניע „וואָס מע גיט אים קײַט ער?"
(מיאָקעט זי, גרינגרינדלט מיט די אייגעלעך און שטעכט).
— גוט, ניט שלעכט!
וואָלט געווען נאָך בעסער, וואָלט געווען דאָך בעסער,
ווי אין פּסוק שטייט עס! (זאָגט דער חזיר און ער לאָזט זיך ווײַטער).
— שטיי! (פּאַרלויפט דעם וועג זי) שטיי! בּראָש האָט קיין צײַט ער!
זאָג, וואָס שטייט אין פּסוק, אַלטער פּרעסער?
— שטייען נאָך אין קאַמער דאָרט די פעסער

מיטן — מיטן —
— מיטן קרויט!
(שפרינגט זי אונטער) ברענען זאָל אויף דיר די הויט!
דײַן געביין זאָל זיך צעשיטן!
מאַרש! אַוועק!
פון חזירישן עק
מאַכט מען ניט קיין פּײַלנבויגן!
(און אַ גראַבל אים אין פּנים, שיר ניט אויסגעריסן אים די אויגן)
איך אים פּסוק, שרײַט זי, ער מיר קרויט! —
רב סוויניאַקע פּילט דעם טעם פון טויט,
אַזש די קאַץ, די שוואַרצע, געל און גרין און רויט.
טראָגט ער אָפּ זיך, וואָרטשעט, שעלט — די קאַץ? חלילה!
אויפן פּסוק
אים פאַרדראָסיק!
און געפינענדיק אַ פּעטע בלאָטע און אַ קילע,
מיטן פּיסק אין איר אַ פּליאַסק ער:
„פּסוק — הס מלהזכּיר!"

## דער פֿאַרצווייפֿלטער חזיר

האָט דער חזיר היינט געהאַט אַ טאָג!
ניט קיין טאָג — אַ פּלאָג!
(ניט פֿאַר קיין שום חזיר דאָס געזאָגט געוואָרן!)
ס'ערשטע אויסגעלאָזט אויף אים דעם צאָרן
חיה־ביילע.
און פֿאַרוואָס? אומזיסט־אומנישט. געשטאַנען אויפֿן הויף אַ כּלי —
ער געדענקט ניט, צי אַ צעבער, צי אַ שיסל,
זאָל עס זיין דאָרט, וואָס סע איז זיך — כּשר איז זיין פּיסל!
ניט זיך צוגערירט, איך שווער אייך!
חזיר גייט זיך מיט זיין דרך:
וואָס איז כּלי? נאָר אַ טפֿל!
עיקרשט איז דער תּוך — די פּאָר קאַרטאָפֿל!
האָסטו דיר ניט, נאַ דיר — חיה־ביילע מיט דער קאָטשערע!
און זי קאָטשערעוועט, קאָטשערעוועט,
כאָטש ער קוויטשעט, כאָטש ער רעוועט.
העלפֿט ניט. ציט ער אָפּ. ער זוכט אַ זומפּ, אַ מאָטשערע,
אָפּצוקילן — ניט אַזוי זיין כּעס ווי זיין רוקן.
(אַז סע בריט, סע בריט מסוכּן!)
טראָגט עס אים גאָר און פֿאַרטראָגט אים אין רב שמריהס גאָרטן.
שאַט ניט, באַלד געפֿונען ער אַ טרייסט זיך דאָרטן —
צו באַאַרבעטן אַ גאָרטן, האָט איר דען אַ תּענוג אַ געשמאַקערן?
נעמט דעם גאָרטן ער צעגראָבן און צעאַקערן
מיט דער נאָז און מיט זיין פּלאַטשיק־פּרומען פּיסקל,
צען מאָל בעסער ווי רב שמריה מיטן ריסקל.
ווי ער שטייט אַזוי פֿאַרטון אין סאַמע רעכטן גראָבן,
ערשט — רב שמריה מיטן שטעקן מיטן גראָבן!
גיי־זשע אַרבעט, אַקער מיט דער נאָז,
אַז רב שמריה איז באַלבאָס,

ער דער גאָרטן־היטער!
לויפט דער חזיר ווײַטער, פליט ער,
צוויי מאָל שוין אַן אָפּגעבריטער —
שטייט אַ פערדל איבער פולן גערשטן־זאַק.
זאָגט דער חזיר: „כ'ווינטש אַפּ'טיט!"
„ביטע מיט!"
ענטפערט אים דאָס פערד, „נאָר עסן ניט!"
„עסן ניט? פאַרוואָס? דער גערשטן ניט געשמאַק?
לאָמיך אָקערשט נאָר פאַרזוכן! נאָר פאַרזוכן!"
און ער שטופּט דעם פּיסק און כאַפּט אַ דריגע.
איז דער חזיר אויסער זיך און נעמט מיט טויטע קללות פלוכן:
„דו פערדאַטש דו איינער! פליאַסקעדריגע!
שלאָגט! נעכײַ וואָלט דיך אַ פײַער־רעגן אָפּגעקרעלט!
וואָלט אַ בלאָטע־ים פאַרפלייצט אי דיך, אי שטאָט, אי פעלד!
אַלץ פאַרדאָרבן, אַלץ! קיין חזיר קען ניט לעבן אויף דער וועלט!"

## איבער צעבער

שטייט אַ צעבער פול מיט ווייס־איך־וואָסן, שאַלעמויזן —
סע פאַרשטייט זיך, קוים אַ צעבער, שוין מסתּמא ניט קיין רויזן.
איבער אים ווער מיט זיך? דער מפונק
חזירונעק,
כשר־פּיסל, טריפה־בייַכל.
שטייט און קייַעט און ער וואָרטשעט: „פע, אַ מאכל!
ניט קיין טעם, ניט קיין ריח!
איצט פאַרשטיי איך:
ווער דער בעסטער,
ס'אַרגסטע עסט ער.
יאָ, דער קו, דער שטויסערקע, די בעסטע קלייַען
און דעם פערד, דעם דריגאַטש, האָבער גיט מען קייַען!
מיר וואָס? דאָס! אַבי אַ פולער צעבער! ניט געקאַרגט!
אײַ סע קריכט אין האַלדז ניט? אײַ סע וואַרגט?
(כראַק! סע קערט די גרינע גאַל זיך איבער!)
אַרט אים, מײַן פרנסה־גיבער?
שטייט און רעדט דאָרט! גלייַך ווי גאָרניט! ניט זײַן עסק!"
און אַזוי־אָ וואָרטשענדיק, אָן חשק,
כאַפּנדיק די זעט,
ער דעם צעבער אויסגעליידיקט ביז העט־העט.

# דער חזיר און דער האָן

איבער פולער קאָרעטע אַ חזיר שטייט אַ דיקער
און ער אַכלט. ניכּר,
אַז ער האַלט זיי׳ר פונעם פסוק: „כּבד אֶת —
ערלעד האַלט דעם פּרעס!
למען יאריכון —
ווײַל אין זכות פון עסן לעבט מען, מע דערלעבט משיחן״.
אינדעם קומט צו פלי׳ן דער רויטער קוקוריקער
און געוואַלדעוועט: „סטײַטש, סטײַטש? וואָס טוסטו? האָב רחמנות!
ווייסט ניט, הײַנט אַ תּענית?
אויפן הימל זיך באַוויזן הײַנט אַ ווילדער בעזעמשטערן,
זאָגט מען, ער מיט פײַער וועט די וועלט אויסקערן
און דערנאָך ערשט איבערקערן,
שוחטים וויינען און ווי בלוט חלפים גיסן טרערן —
ער דעם ראש אין קאָרעטע! ווי קיינמאָל גאָרניט! וואָס? ער
נעמט זיך עפּעס דען צום האַרץ? און איז אַ צדיק! חזיר־פּיסל כּשר!״
„נאַרישקייטן!״ זאָגט דער חזיר, „מיך וועסטו ניט שרעקן!
זאָל די וועלט זיך איבערקערן, מעג זיך אַלדינגס עקן —
חזיר תּמיד נאָך געפינען זיך אַ בלאָטע ווו זיך אויסצושטרעקן!״

## א, ב

צו דער אלף זאָגט די בית:
— ווער איז בילכער? איך צי דו? — איך ווייס?
דאַכט זיך, איך! פאַרשטייט זיך: ראשית
איך דאָס ערשטע אין „בראשית",
שנית
איך מיט „חכמה־בינה" בין אין שכנות.
פרעג איך, זײַ נישט בייז,
וואָס גראָד דו דער ראש־וראשון פונעם אלף־בית,
און פאַרוואָס ניט איך דערצו בין זוכה?
טאַקע דו דאָס ערשטע בײַ „אָנוכי"!
— ניט נאָר בײַ „אָנוכי", אויך בײַ „אַתּה"!
(קומט אַ קלאָרע תּשובה און אַ גלאַטע.)

ג

ווייסט איר, ווער אַמאָל פאַרזינדיקט זיך אין הימל ?
גימל !
זי איז דאָך דאָס חנעוודיקע יצר־הרע־פּיסל,
נו, פאַרגלוסט זיך איר אַ שטיף צו טון אַביסל —
טוט אַ שטויס די סמך.
„אָט דאָס רייפל“, זאָגט זי, „קײַקלען לאָמיך !“
שלײַדערט ווי אַ קײַלעכל די יוד.
און וואָס נאָך די גימל טוט ?
שטייט רב צדיק אײַנגעבויגן, אין כּוונות הייליקע פאַרטיפט —
און דאָס פּיסעלע סע שטיפט,
טרעט אים אָן, אומגערן כּלומרשט.
טוט רב צדיק דאָך אַ ציטער. קוים ערשט
ער צו זיך געקומען, ער דערפילט אַ ברי —
אָנגעשפּאַרט אין אים זי גרינגלעך מיט דער קני :
„נעמט ניט פאַר אומגוט ! זיך אויסגעגליטשט אַביסל, גליטשיק !“
און זי בייזערט אויף דער לאַנגער נון זיך : „סמיטשיק !
זעט, איך פאַל — אים אַרט ניט ! רירט זיך גאָר ניט !“
און רב צדיק ווערט מבולבל, שטאַמלט : „ניטע ! נע ! מע טאָר ניט !“
און ער פילט און גלוסט דעם תּענוג פון נ׳עבירה.
אַלע שטערנדלעך — אַ ווינק זיך איבער, אַלע אותיות אַ מימל,
און דער מלאך־דומה זיך אַ לאָז, געכאַפּט די גימל,
צוגעבונדן צו דער פּיאַטע איר צוויי רעדעלעך — אַ צירה,
און אַ ברומבאַס, ווילד געשריי,
אויסגערופן : „צירה גימל — גיי !“
און פון דעמאָלט גייט דאָס פּיסל, בלאָנדזעט ווי אַ שרעטל,
ווו אַ שטאָט און ווו אַ שטעטל,
אונטער טישן, אונטער בענק,
על־פּי רוב דאָרט ווו ס׳איז ענג,
טאַנצט אויף שמחות און אויף קברים,
און אפילו צווישן שורהלעך פון ספרים.

## דער מיוחס

ווו די מעשה זיך געטראָפן? ווער וועט זאָגן, ווער?
ניין, איר וועט ניט טרעפן, קינדערלעך, איך שווער!
ניט אויף דר'ערד, ניט אין הימל, ניט אין שלאָף —
גאָר אין סידור אויפן קעפל פון דער וואָוו.
איינמאָל איז אַרויף אַהין אַ חיריק על־פי נס:
ער זיך, זאָגט מען, צוגעשטעלט אַ בענקעלע אַ חית
און געטון אַ שפרונג אַהינצו; אַנד'רע זאָגן,
אים אין מויל אַ פליג פאַרטראָגן,
אויסגעשפּיגן
און געלאָזט דאָרט ליגן —
אָט אַזוי דערהויבן ווערט מען על־פי מקרה!
תּחילת ער געפילט זיך אויבן פריקרע.
וואָסזשע? גאָרניט! עפּעס האָט זיך ניט געלוינט.
נאָר אַז סוף־כּל־סוף זיך צוגעוווינט
און באַקומען גאָר אַ נײַעם נאָמען: חולם,
ער געוואָרן גרויס בײַ זיך און לעבעדיק און מונטער —
ווייס איך! גאָר ניט דער! דערקענט שוין ניט דעם קליינעם עולם,
קוקט פון אויוון אויף אינגאַנצן דעם דערונטער:
אי דער פּתח אי דער סגול, זײַנע ברידער
וואָס מיט אים אין סידור,
אי דער צירה אי דער קמץ
אַלע זיי נחות־דרגאס, חמץ!
און אפילו רב מלופּם — כאָטש דער לעצטער
אויך, מיר דאַכט, דער אייגענער בעל־צורה,
נאָר אַביסל נידריקער פון אים ער אין דער שורה —
אויך אַ גאָרנישט! איינס אין אים נאָר שעצט ער:
פירט זיך סטאַטישער, געזעצטער.
„און אַ סברה", זאָגט ער, „גאָר פאַראַן אַזוינע ערטער,

ווי קיין סימן ניט, קיין זכר פון דער חברה דער געערטער!"
(הער נאָר, רעדט גאָר דײַטש שוין! שיינע ווערטער!)
ציט אַהין, אין יענע הייליקע מקומות —
אוי מוז
זײַן דאָרט ריין און שיין! אַ תּענוג נאָר אַ ליבער!
איינס אום איינס געקליבענע! און דאָ? איך בעט אײַך איבער —
חיריק־מיריק־שורוק! שטייט ניט אָן אים, מיאוסלעך.
הערט מען און סע ווערט פאַרדריסלעך.
אַהאַ! געזאָגט אײַך!" שרײַט דער פּתח,
„לאָזט קיין חיריק אויבן! איצטערט נאַט אײַך!"
און דער רב מלופּם?
נעבעך, ס'טוט בײַם האַרצן אַלע מאָל אַ צופּ אים!
„נו!" מאַכט ער, „נו־נו!
טפו!"
און אונטער אַ יודל אײַנגעקאָרטשעט,
ליגט דער קמץ און ער וואָרטשעט:
„יאָ, יאָ! דערלעבט זיך! גוט דערלעבט זיך! שיינע צײַטן,
חיריק זאָל פון אויבן רײַטן!"
און דער קרומער סגול
קוקט קעסאָקע און וואַרפט ממזריש אַן אייגל:
„עהע, מע קען אײַך, פעטער! איר פון אונדזער עולם!
ווו מע טרײַבט רב חיריק, דאַרף מען ניט רב חולם!"

## דער וויכּוח

אַ וויכּוח פֿאַר כּל עם ועדה.
ביידע,
אי די פּראַקטיש־קלוגע בית,
וואָס אין אַלדאָס בייז,
אי די צדיק, וואָס אין פּעלץ —
בעלי־טובֿות זײַ דער וועלטס.
און זײַ וואָלטן לאַנג פֿאַרזאָרגט זי, ווען ניט דער וויכּוח.
„אַז איך צאָל אַ טובֿה פֿאַר אַ טובֿה",
שרײַט די צדיק, „וואָס־זשע טו איך?
טוט אַ גרויסן חסד דען דער לווה,
אַז ער צאָלט זײַן חובֿ?
ניין, דעם שׂונא פֿאַר אַ ברודער קויף —
דו פֿאַר שטיינער צאָל מיט לעקעך!"
„אָ, פֿאַר שטיינער צו אַ הויכער מקח!"
פֿאָלט־אַרײַן איר אין די רייד די בית,
„איך בין ערבֿ דיר, ניט איינער
קומען קויפֿן לעקעך וועט בײַ דיר פֿאַר שטיינער.
ווערסט שוין אָפּלייזן — נישקשה, לייז!
איך זאָג, האָדעווען דאָס שלעכטס מיט לעקעך און מיט פֿלאָדן —
אי פֿאַר זיך, אי פֿאַר דער וועלט אַ שאָדן!"
„שאָדן?" בייזערט זיך די צדיק, „וואָס? באַצאָלט צו טײַער?
פֿרעג איך דיך: נו, לעשט מען פֿײַער דען מיט פֿײַער?
מיטן שלעכטן ווילסט דאָס בייזע דו באַזיגן?
ניין, אַ שקר, שוא־ושקר! ליגן!
בוימל אויפֿן פֿײַער גיסטו, ווייס!"
„יאָ, איך ווייס — וואָס צו איז איבעריק!" זאָגט די בית,
„און מלאכים טרעפֿט מען נאָר אין הימל!"
„ווייסטו וואָס־זשע, פֿרעגן מיר די גימל!

זי די ערשטע איז ביַי גאָט,
ווייסט אוודאי זי פון גוטס און שלעכטס דעם סוד".
גימל? נו, איז גימל. גייען זיי צו גימל פרעגן
פונעם שלעכטס און פונעם גוטס די וועגן.
הערט זיי אויס די גימל, טראַכט און טוט אַ קרעכץ.
„וואָס־זשע זיפצסטו גאָר? וואָס קרעכצסטו?"
פרעגט די צדיק, „אונדז דאָס האַרץ צעברעכסטו!"
זאָגט דאָס גימעלע: „איך קוק אויף לינקס, אויף רעכטס,
און איך טראַכט מיר: גוטס פאַר גוטס, צי גוטס פאַר שלעכטס,
דאָס אַ שאלה איז אַ חוץ.
איַיך וואָס בעט איך — צאָלט דערוויַיל ניט שלעכטס פאַר גוטס!"

## דער פראַגעצייכן און דער אויסרופצייכן

דער אינדריַיען
איַינגעהויקערטער הער פראַגעצייכן
און דער אויסגעשטרעקטער גדלן, וואָס צו שריַיען
ליב אפילו, ווען ער רעדט מיט ווייכן,
אדון אויסרופצייכן — ביידע
פאַר דער חשובער, בכּבודיקער עדה,
פאַר די קלוגיטשקע דריַי פּינטעלעך געאַמפּערט זיך, געלאָדן,
איבער אמת זיך געשפּאַרט.
„איך בין אמת!" שריַיט דער לאַנגער אדון,
„אמת שריַיט נאָר, וויַיל אים אַרט!
אמת איז אין קולי־קולות, אין געשריי,
וויַיל ער פילט, ער איז גערעכט, סע טוט אים וויי!
אמת איז ביַי מיר, ביַי מיר!"
„אמת איז ביַי דיר?"
פרעגט דער פראַגעצייכן, היתּכן?
אפשר גאָר אַ טעות, ליבער שכן?
וואָס איז אמת, פרעג איך, ניט אַ שאלה אין אַ שאלה?
ניט אַ צווייפל־רייפל, וואָס סע שליסט זיך אויף אַ וויַילע,
נאָר כּדי זיך הינטערוויַילעכץ צו פאַרשליסן אין אַ בייגל?
צי דער אמת גאָר אַ רעטעניש, פאַרבאָרגן אין אַן אייגל
פונעם מענטשעלע, וואָס מענטש טראָגט אין זיַין אויג עס?
אמת פילט גערעכט זיך? אפשר גאָר אַליין אויף זיך ער ברוגז
און ער מאַטערט זיך אַליין און בויקערט,
איַינגעהויקערט
אונטער נאָגנדיקן ניגונדל, וואָס ניט צעפּויק עס, ניט פאַרשוויַיג עס?
אמת — רוען דען ניט שטילע טרויער־פראַגעס, טאָמער־דאגות
אויף זיַין פּנים אויף זיַין בלייכן?

און די וועלט אינגאַנצן — ניט אַ פראַגעצייכן ?
קען דער אמת דען באַגיין זיך אָן אים ?"
און די דרײַ דיינים
ביידע צדדים אויסגעהערט
און געזשובט זיך אַהין, אַהער, געקלערט,
נאָכדעם זיי אַרויסגעזאָגט אַ פסק,
און אַ פײַערדיקע האַק
אויסגעהאַקט אים אין דער רעכטער באַק
פונעם גרויסן קלויסטער־גלאָק
און געהייסן קלינגען אים בײַנאַכט פון הויכן שטאָק :
„אויסרופצייכנס צו אַ סך —
שוין מסתּם דער אמת שוואַך !"

*

ווילט איר מיר ניט גלייבן — סײַוויסײַ
שטייען די דיינים דאָ אָט אַלע דרײַ...

## דער חלום

פייגל דאָך פֿאַראַן מכּל המינים!
איך וועל איצט דערציילן פֿון אַ גרינעם,
וואָס געקומען איז אַ ווײַסער אים אַקעגן.
אָבער פֿריער מוז אַ רעטעניש איך פֿרעגן.
הערט: אין הימל דאָ,
אויף דער ערד ניטאָ,
נאָר איר טרעפֿט עס בײַ רב מעכעלע מלמד —
וואָס איז דאָס? — אַ למד.
— יאָ, געטראָפֿן!
איצט דער וועג צום משל אָפֿן.
כ'האָב אַמאָל געכאַפּט אַ דרימל,
ווי איך זע: אַ ווײַסער בושל פֿליט פֿון הימל;
אים אַקעגן פֿונעם שטיבעלע פֿון מעכעלע מלמד,
דורכן קוימען, אויף אַ טישטעכל פֿון סאַמעט,
פֿליט אַ הֵא, אַ יוד, אַ מם, אַ למד.
נאָך אַביסל
און די למד גאָר אַ גרינער בושל אויף איין פֿיסל!
— וואָס? אַ גרינער בושל גאָר? — אַ שאלה אויף אַ חלום!
און די ביידע בושלס אָפּגעשטעלט זיך אויפֿן דעכל
פֿונעם אַלטיטשקן רב מעכל
און מע נייגט זיך און מע גיט זיך שלום:
„ס'קאָצל קומט! פֿונוואַנען איז גאָטס דינער?"
שטרעקנדיק דעם רעכטן פֿליגל, פֿרעגט דער גרינער.
„פֿונעם הימל איבער וועלט דער גאָרער!"
זאָגט דער קלאָרער.
„וואָס? פֿון הימל? אויכעט דאָרט געווען?
און פֿאַרוואָס־זשע איך דיך ניט געזען?
לאַנג אַפּנים דו אַ וואַנדערער!"

„ניין, מײַן הימל איז אַן אַנדערער!"

„דהײַנו?"

„פשוט, איך בין ניט פון דײַנע!

איך — מײַן הימל איז אַ בלאָער, הויכער, ברייטער,

אַ צעשפּרייטער,

און מיט כמאַרעס שוואַרצע, און מיט בליצן רויטע!

און דער הימל דײַנער — אותיות גאָר טויטע!"

*

דאָס דער חלום.

ווער־זשע ווייסט ניט, אַז חלומות קערן־אָן זיך מיט משלים?

זאָל זיך דאַכטן אײַך: דער חלום, איך געזען גאָר אויף דער וואָר אים,

איינמאָל, ווען מיט עקל

איך אַ טרעט געטאָן אומגערן אויפן עקל

פון אַ לאַנגן ביכער־וואָרעם.

## קוצו של יוד

איך וויל עפּעס אײַך דערציילן — זאָל זײַן רו!
עפנט־אויף אַ ביכעלע,
זוכט דאָרט אָפּ אַ יודעלע און קוקט אײַך צו:
האָט עס אויפן קעפּעלע אַ שטריכעלע,
אַ פּיצפּיצעלע
ווי אַ קיצעלע,
וואָס סע טוט אַ פליגל מיטן פּיסעלע אין שפּיצעלע
פונעם נעזל פון איר זינדעלע, איר טעכטערל,
אויף אַרויסצורופן אַ געלעכטערל.
הייסט עס, אַט דאָס שטריכעלע, אָץ־קוצל,
אָדער קוצו־של־
יוד.
טרעפט זיך שפּעט בײַנאַכט, מע שלאָפט, מע רוט,
טוט אָץ־קוצל אַ מורמל: „אָץ, אָץ, קוצץ,
קאַלעפּויץ עס
און פאַרקלויץ עס,
אָץ, אָץ, אָץ,
בוידעם, קלאָץ!"
הייבן־אָן די אותיות אין ביכעלע זיך וויגן —
שוין, אַן איבערקערעניש, מע נעמט זיך קריגן:
קיינער, שטייגער, וויל ניט שטיין, ניט ליגן
לעבן בית.
בעבעט! וואָס נאָר עפּעס — „בע!"
פּע!
זאָל זי גיין צו אַלדאָס בייז!
און די גימל דריגעט מיטן פיסל,
טרײַבט דאָס אַלפל. „געהערט אַביסל?
שטופּט זיך", שרײַט זי, „אָט דאָס שמשל!

ניט געזען אַזוינס נאָך — אַ קאָראָמיסל
מיט צוויי קענדעלעך !"
און די ריש פון „רענדעלעך"
וויל ניט שטיין אינײנעם אין איין שורה מיט דער דלת.
„ווי קומט ער אַהערצו", שרײַט זי, „אָט דער דלות ?"
וואָס מע בעט זי : „שווײַג ! אָן ציצית ניט קיין טלית !"
ניין, סע העלפט ניט ! פעך־און־שוועבל ! סמאַלעט !
און די לאַנגע צדיק וויל ניט אײַנשטיין לעבן „האַר".
סטײַטש, פאַרוואָס ? פאַרווען ? „דערפאַר !
ווײַל ער איז אַ רשע ! ווײַל ער האָט דאָך ניט קיין האַרץ !"
און דאָס למד־וואָוול שלעפט דאָס פיסל, ענג דעם פיסעלע און
שמאָל אים —
ווו ? אין „שלום".
„גאָט מיט אײַך ! פאַמעלעך ! שלעפּט ניט, וואַרטס !"
„סאַראַ שלום, סאַראַ ווערט,
אַז זײַן שין געפינט מען בײַ דער שווערד
און זײַן מם'עלע אין קלעם
גאָר בײַם סמך־מם !
און איר קענט עס טרעפן אין נקמה
און אפילו אין מלחמה
(כאָטש אַביסל אַנדערש דאָרט געשלייערט)".
און די שין צעבלאָזן זיך, צעפּאָכט, צעווייערט
ווי דער ווייער פונעם אינדיק,
רוקט זיך פון דער קוף — די קוף איז זינדיק :
„ס'איז דאָס חזיר־פיסל כשר פונעם שקר —
זאָל זי גיין צום דאָקטער, צום אַפּטייקער !"
אָט אַזוי־אָ רײַסן זיך די אותיות, די ווערטער,
און אַנטלויפן פון די ערטער
אין די צענטליקער, די מאות,
און סע פעלן ניט קיין העצער —

קעגן אים, זאָל לעבן, קעגן גרויסן בחור־זעצער.
(חוצפה! אים גאָר זאָגט מען דעות:
,,אָט אַזוי צעשטעל! אַזוי צעשטעל!")
פרעגט ניט, קינדערלעך, ניט גוט!
און אַז ס'איז באַשערט, איז קומט עס פון אַ קוצו־של־
יוד.

## אי

צדיקל, מײַן צדיקל, דאָס ערשטע פֿונעם שטייסל
אין מײַן ליבן אַלף־בּיתל!
כאָטש געהויקערט און געבויגן,
טובלט זיך עס אַלע מאָרגנפֿרי אין רעגנבויגן,
קומט־אַרויסעט שלאַנק און אויסגעצויגן,
און אַ לאָז זיך אויף אַ גילדן בלעטל
גלײַך צו מיר אין בעטל —
שפּילן מיר אַביסל זיך אין קיצל־גלעטל.
נאָכדעם פֿרעג איך עס: וואָס הערט זיך עפּעס נײַסעלעך?
שמייכלט עס, דערציילט מיר מעשהלעך.
איינס פֿון זיי דערצייל איך איצט: חיריק
אָנגעשמעקט זיך ערגעצוווּ מיט ליריק.
ס'איז אַזאַ מין מאַנגלעניש, אַ נאָגעניש,
וואָס גייט־איבער אין פֿאַרחלומטקייט, פֿאַרטראָגעניש
און אין שטילן זאָגעניש,
וואָס מע רופֿט השתּפּכות:
עפּעס וויל זיך, עפּעס בענקט זיך, עפּעס — עפּעס —
אוי, ווּ נעם איך עס? ווי כאַפּ איך עס?
כאַפּ אַ ווינטל אין די סטעפּעס!
„אי! !" צעגיסט זיך שטיל דער חיריק, „אי!
אי, אַז ס'טוט אין סאַמע פֿינטעלע אַ ברי
און אַ צי
ערגעץ ווײַט, אַהין, אַהין —
וואָלט איך אויפֿגעכאַפּט זיך אויפֿן קעפּל פֿונעם פּתח־שין
און אין שטילקייט פֿון דער מוטער נאַכט,
דורך לבנה־סוד און ציטער־פּראַכט,
וואָלט איך מיט מײַן בענקשאַפֿט מיר געפֿלויגן
ביז צום העכסטן פֿינטעלע, צום חולם,

וואָס צווישן דעם און יענעם עולם,
צום שוואַרצאַפּל פון גאָטס אויגן,
וואָס ער איז פאַרזונקען אין אַ דרימל,
ווי פאַרטאָג דער טויטראָפּן אין בלימל,
וואָלט מײַן בענקשאַפט אים געוועקט, געוועקט,
ווי סע וועקט דעם פונק אַ בלאָזזאַק,
וואָלט ער אויפגעכאַפּט זיך מיט דער גבורה, וואָס אין אים פאַרשטעקט,
און צעבליצט זיך אין אַ דגש־חזק,
אינעם דגש־חזק פון דער וועלט,
וואָס ער ברענט און ברענט ניט אויס אין פּײַן,
וואָלט איך זיך אויף אים געשטעלט,
זאָל איך איינס מיט אים אויף אייביק זײַן —
איינס, אחד און שאַ!
אָדער ניין! וואָס זאָג איך, האַ?
אפשר, וואַרפנדיק זיך אויף דער שין פון שטורעם,
זאָל איך טראָגן זיך צום הויכן טורעם,
ביזן סאַמע שפּיץ,
צו דער װ דער שטאָלענער, וואָס ציט צו זיך דעם בליץ,
און פון דאָרטן, טוענדיק זיך אַ צעגלי,
זאָל אין בליץ און שטורעם איך אויסדונערן מײַן „אי״!״
אָט אַ לשון, אָט אַ שפּראַך!
אָבער פון וכך
היה אומר
ביז וכך היה עושה
רעגנס, פרעסט און ווינטן גרויסע.
אינדערוויַל גאָר שבועות־צײַט, אַרום ל״ג־בעומר,
ווען סע טאַנצן אותיות גין־גאָלדענע צווישן ביימער,
ער שפּאַצירט זיך אויפן גרינעם פעלד דעם פרײַען
און דערזען אַ חיריקל, וואָס זיצט אונטער אַ ז̣ין.
דאָ דאָס שיטערע פון דער געשיכטע
דורך אַ זיפּל וועל איך זײַען

און אײַך לאָזן דאָס געדיכטע:
ער און זי
זינגען שוין אַן אַנדער לידעלע — ניט „אי",
נאָר וואָס דען גאָר? „איי"!
צירה זײַן זיי —
ער מיט איר ווי אַנד'רע צוויי!
און סע נעמט, פאַרשטייט זיך, ניט קיין שמיטה,
קומט שוין צו דאָס דריטע.
ווער געבראַכט עס? פרעגט די פייגל!
ווייסן ווייס איך, פונעם צירה ווערט אַ סגול.
און דער סגול? עהעהע!
אַנדערע דיבורים: ליריק־שמיריק — בע!
דאָס פאַרגעס! געווען אַמאָל אַ חיריק,
איצט צוויי אייגלעך מיט אַ בערדל — איז דאָס גיריק.
— גיריק? — יאָ! — נאָך וואָס? — נאָך וואָס, אַז ניט נאָך געלט?
דאָס דער פופּעק פון דער וועלט!
און אויף וואָס איז זי, די ליכטיקע, געשטעלט?
אויף דרײַ זאַכן: זעט און פעט און בעט!
ווײַטער גאָרניט, עט!
און צום סוף פאַרקויפט עס זיך צום שד
פאַר אַ בייגל!
דאָס די מעשה פונעם חיריק, וואָס געוואָרן איז אַ סגול.

# קלינגט דער זייגער דריַי

קלינגט דער זייגער דריַי,
ליג איך מיט די אויגן אָפֿן,
טראַכט מיר אויס אַ משל — סײַ ווי סײַ,
ווען סע שלאָפֿט געשמאַק זיך, קען איך ערשט ניט שלאָפֿן.

## דרײַ

זיצט בײַ זיך אין צימערל ר׳ לײזערל דער קלײנער,
רעדט מיט זיך אַלײן ער.
פֿרעגט ער בײַ זײַן אומעט:
„וואָס איז אײנער?"
הערט ער ווי אַ פֿליג אין אויער זשומעט:
„אײנער איז דאָך קײנער!"
זאָגט די שאַרפֿע ספֿקות־ווײ,
וואָס צעשײדט אים: „אײנער איז גאָר צווײ!"
פֿרעגט ער: „וואָס־זשע פֿיל איך עמעצן אַ ניט־געזעענעם דערבײַ?"
קלינגט דער זײגער דרײַ.

## דאָס בלימעלע

שפּילעכלעך פאַרשידענע:
מיט אַ קאָשיקל אַ יידענע,
מיט אַ העמערל אַ שמידערל,
און אַ הענדעלע וואָס קוקט אין סידורל,
אַ פּאַיאַצעלע, אַ בערעלע, אַ ביבערל,
און אַ זעלנערל אַ גבורל,
אויף זײַן בריסטעלע אַ בלעכל —
און צווישן אַלע אין אַ קריגעלע אַ בלימל.
און כאָטש שפּעט שוין, צײַט צו טון אַ דרימל,
פֿירט דאָס בלימעלע אַ שטיל געשפּרעכל
מיטן זעלנערל, וואָס שטייט דערנעבן.
בלימעלע דערציילט אים פון איר לעבן:
ז'איז אַמאָל אַ זומער־פייגעלע געווען —
שוין געמעגט זי דעמלט זען!
ניט אַ פייגעלע — אַ ציטערל!
ניין, וואָס רעדט זי — גאָר אַ שפּליטערל,
יאָ, אַ שפּליטערל פון רעגנבויגן!
צאַפּלדיק אַרום אַ שטוביק־נאַכטיש זונעלע געפלויגן,
עפּעס זי די זיסע וואַרעמקייט געצויגן —
אָפּגעברענט די פליגעלעך! אַ ברירה?
איז אַרויס אַ גזירה
פון די שטערנדלעך, די בלימעלעך פון הימל:
ווערן זאָל פון פייגעלע אַ בלימל.
נו, אַ בלימל, איז אַ בלימל. צווישן פלאַקסן
זי אין פעלד געוואַקסן,
זיך מיט פליגעלעך און ווינטעלעך געשפּילט,
גאָר ניט שלעכט זיך דאָרט געפילט.
נאָר אַ צרה, נעמט עס צו די שטערנדלעך זי ציען!

איז כאָטש בעט דעם שטורעמווינט, ער זאָל זיך פאַר דיר מיען —
צוגעבונדן צו דער ערד זי מיט אַ שטרויעלע!
חלשט זי און קוויקט זיך מיט אַ טויעלע,
אַ טרייסטעלע: איר דערלייזער, ער וועט קומען נאָך, וועט קומען,
שמעקן וועט ער איר געררוך איר פרומען
און באַפרײַען זי, באַפרײַען...
נו, אינקורצן, יאָ, נאָכוואָס אַ סך דאָ ברײַען —
ר'איז געקומען! יאָ, געקומען איר דערלייזער,
אָבער אוי און וויי ז'איר —
בעסער וואָלט זי אין איר בענקשאַפט שוין געבליבן!
האָט באַפרײַעט און קיין פליגל ניט געגיבן!

*

שפעט. סע קלינגט דער זייגער דרײַ.
קלאָגן זיך? פאַר ועמען? ניט כּדאַי.
שטיל — סע שלאָפט דאָס זעלנערל פון בלײַ.

## דער שרעקלעכער געדאַנק

נאַכט.
שוין די וועלט איר אויג פאַרמאַכט
און אַ שטילער, זיסער שלאָף
איז געפאַלן אויף די שאָף.
נאָר אַ שעפעלע דאָרט איינס נאָך וואַכט,
און סע פלאַטערט און סע ציטערט,
וויינענדיק פאַרביטערט,
זײַן רחמנותדיקער מע.
— טאָכטער־לעבן, פע!
(זאָגט צו אים אַ שכנה)
עפעס תנועות האָסטו אין דיר גאָרנישט שיינע!
מעקען ווען מע שלאָפט שוין? וואָס דאָס פאַר אַ גאַנג?
צי דו ביסט, חלילה, קראַנק?
טוט דיך עפעס ווי, האַ? זאָג!
— ווייס איך? כ'וואָלט געוואָלט, סע זאָל שוין ווערן טאָג.
ס'איז שטאָק־חושך, ס'וויינט דער ווינט —
פאַלט אַ פחד... אוי, גאָט, העלף!
אין אַזוינע נעכט ניט רוען דאָך די וועלף!
— גיי שוין, גיי! דו רעדסט דאָך ווי אַ קינד!
מיינסט, סע שלאָפן אפשר איצט די הינט?
ק'מורא ניט, זיי ליגן בײַ די טויערן
ווי די בערן, מיט געבוי'רטע אויערן,
כאַפּן־אויף אַ ליאַדע שאָרך, אַ מינדסטן ריר!
— בע! מע! (מאַכט דאָס שעפעלע) די כּלבים... בילערס פיר...
— וואָס־זשע, סערדצע? רעד!
— וואָס זאָל איך דיר זאָגן? זען דעם גראָען שד —
ניט פאַר דיר און ניט פאַר מיר;
ס'איז מיר אָבער אַ פאַרדראָס, אַ ווייטיק — קראַנק
מאַכט מיך דער געדאַנק:
איך וועל שולדיק זײַן אַ הונט אַ דאַנק!

## צוויי רויזן

כ'האָב אַ משל פון צוויי רויזן אויסגעטראַכט.
איינע
זיי'ר אַ שיינע,
נאָר געמאַכט
פון פּאַפּיר און דראָט,
און די צווייטע — געל, פאַרשמאַכט,
כאָטש פון גאָרטן ערשט געבראַכט.
און זיי ביידע גראָד
ליגן אויף איין טישל. „טייַ'רע שכנה",
זאָגט די ערשטע מיט אַ קרעכץ,
„זאָג, וואָס האָסטו אַזאַ פּנים אַזאַ שלעכטס?
ביסט אַמאָל געווען דאָך גאָר אַ שיינע,
מע דערקענט נאָך אויף דייַן פּנים
פון דייַן שיינקייט די סימנים —
נו, דערצייל־זשע וואָס דיר פעלט,
וואָס דו ביסט אַזוי פאַרגעלט
אויף סכּנות!
בנאמנות,
כ'קען ניט קוקן פאַר רחמנות!"
„גאָרטן — הייסע שטראַלן — פרישער טוי —"
שטאַמלט יענע, „אוי, סע בענקט זיך מיר אַזוי!"
„ס'בענקט זיך? פּסס, אַ צרה! וואָס אַ בלום זיך גלוסט!
שטראַלן, גאָרטן,
פרישער טוי — ווי רופסט עס דאָרטן?
גלייב מיר, פון די נאַרישקייטן קיינמאָל ניט געוווּסט
און איך לעב, און דאַנקען גאָט!
הערסטו, שוועסטער, איך וועל זאָגן דיר אַ סוד:
דאַכט זיך, סערדצע, דייַנע נערוון שוואַך,

און דערפֿאַר, זײַ מוחל, רעדסטו מיר ניט צו דער זאַך,
הוריות, חלומות זיך דיר ווײַזן.
וואָלסט געהאַט דו נערוון אָט ווי איך, פֿון אײַזן —"
„ניטע, ניטע! אוי, וואָס רעדסטו?!"
מיט די כּוחות מיט די לעצטע
האַקט זי איבער די פֿאַרשמאַכטע,
„זיבן וואָכן איך געבליט, מיר דעם טויט געבראַכט די אַכטע,
אָבער ניט מסוכּן, ניט מסוכּן!
איידער אייביק טרוקן
און נישט וויסן קיינמאָל
ניט פֿון טוי און ניט פֿון הייסע בליקן —
שטאַרבן און כאָטש איין מאָל
מיט אַ טראָפּן טוי זיך קוויקן!"

## דאָס שוועבעלע

טשיק —
אָנגעצונדן זיך אַ שוועבעלע, צעפלאַקערט, און מיט גליק,
מיט אַ ברען אַ קוש געטון דעם ליכט.
(פּלוצים, פּלוצים איז געשען דאָס, אומגעריכט).
ווערט דאָס ליכט־נשמהלע, דער קנויט,
לעבעדיק פון טויט —
זעט: צוויי העלע פלאַמען
גיסן אין איין רגע זיך צוזאַמען!
נאָר דאָס אמת גרויסע גליק,
וואָס איז דאָס? אַ בליק.
באַלד
פאַלט
אונדזער שוועבעלע צו דר׳ערד,
אויסגעלאָשן און פאַרצערט
און פאַרקוילט.
— נו, דו היצקאָפּ, וואָס געפּועלט
מיט דײַן ברען און מיט דײַן פלאַם?
(זאָגט אויף דר׳ערד צו אים דאָס מיסט)
נאָר צעפלאַקערט זיך אומזיסט!
איצט מסתּם
דיך מיט פיס דאָ וועט מען טרעטן
און מיט אונדז אינדרויסן בעטן!
— ניין, אביונים!
(זאָגט דאָס שוועבעלע) אַ סוף אַזוינעם
און צו אײַך ניט גלײַך!
איך בין רײַך
אומגעהײַער —
איך אַ רגע האָב געגעבן און גענומען פײַער!

## פעסלעך

ווײַן מאַכט ריידעוודיק אפילו טויטע געסלעך,
נו, פאַרוואָס־זשע זאָל ניט גיבן לשון ער די פעסלעך?
האָבן זיך אין ווינקעלער די פעסעלעך צערעדט:
איינס, אַ מזיקל, אַ ספּריט, מע רופט עס „שפוך־חמתך",
שפּעט,
אויפן צימבל נעמט דעם „וצדקתך" —
ס'איז אַ פעסעלע מיט גוטן, פרומען ווײַן,
נאַרט זיך שטיל צו דיר אַרײַן,
גלאַט, מחיה זיס,
פלוצים, ווײ, ער וואַרפט דיך פון די פיס!
און אַן אַנדערס, אַ מה־יעשהניק — סע וויל נאָר וויסן,
צי פאַרקויפט מען קוואַס אויך אין קפריסין;
ניט — פאַרוואָס־זשע יענער פאַס
רופט זיך אָן קפריסער און איז אָנגעשמעקט מיט קוואַס?
דאָס אַ שאלה! און פאַרוואָס די זאַך ביז הײַנט ניט אויסגעפאָרשט?
„רויטער באָרשט!"
שרײַט באַליידיקט דער קפריסער, „כ'הער, איך הער!
נאָר איך וויל מיט דיר ניט טענהן, איך — איך בין ניט אַבי ווער!"
נאָר נאָך מער
קאָכט דאָס פעסעלע „לחיים" —
פול איז דאָס מיט פרישן ווײַן מיט נײַעם,
רעדט עס, שיט אויף וואָס די וועלט שטייט, על השם ועל משיחו!
אים געפעלט ניט קיינער, אים קיין זאַך ניט ניחא —
אַנדערש דאַרף עס זײַן אין קעלער! ס'איז ניט דאָס!..
נעבעך, עפּעס וואָלט געוואָלט עס, נאָר סע ווייסט ניט וואָס.
„הערסטו?" זאָגט רב וצדקתך צום קפריסער,
„ווייסטו, וואָס איך וועל דיך בעטן, זיסער?
פרעג דײַן שכנדל, זײַ מוחל,
וואָס סע בורטשעט דאָרט אַזוי אין אים און רעדט,

גלײַך אַרײַן אין אים אַ דיבוק, גאָט באַהיט, אַ שד!"
„ווייס איך, מעשה קונדס! אַ יונג כּוחל,
זיך צעשפּילט די בלוטן — ערשט געקומען פֿונעם קעלטער.
וואַרט אַביסל, קומען וועט די עלטער,
וועט ער ווערן שטיל, געלאַסן. איך אַמאָל געווען קונדסים — איצט
אויף די הייוון אָפּגעזעצט זיך און מע זיצט".
„ניין, מע זיצט ניט, נאָר מע גייט!"
פֿאַלט־אַרײַן רב וצדקתך אין די רייד,
„מ'גייט פֿון טאָג צו טאָג, אוי, ברידערלעך, אַלץ אויס!
ס'ווערט אין האַרץ אַלץ ליידיקער, סע נאָגט, סע נאָגט,
פּלוצים, קוקסט זיך אום — סע טאָגט!
ליידיק ביז דער שפּענטע, און מע בעט פֿון קעלער דיך אַרויס!"
„נו, וואָס זאָגט מען אויף דעם צער דעם גרויסן?"
רעדט אַ פּעסעלע מיט זוי'רן ווײַן ווי עסיק,
„גלייבט מיר, אי דער קעלער, אי דער דרויסן —
הכּל הבל, אַלץ איין מיאוסער עסק,
קומסט אַהער און גייסט אַהינצו על־פּי נויט!"
„ע, פֿאַרקראָכן גאָר! גערעדט, גערעדט — אַרויף אויף טויט!"
שלאָגט זיי איבער דאָ רב „היום תּאַמצנו"
(ס'איז אַ פֿאַס מיט ווײַן חריפֿות,
פֿון די ווײַנען פֿון די שטאַרקע, פֿון די ריינע —
רעדט ער וואַרעם, שטיל, מיט תּקיפֿות
און באַטעמט),
„אײַ'רע ווײַנען, ברידער, מיט קיין עסיק־חקירהלעך ניט סמט!
סמט ניט, סמט ניט, מײַנע פֿרײַנד!
מאָרגן גיי'ן מיר אויס — געבענטשט דער הײַנט!
און אַ ברכה דעם, וואָס פֿאַרן טויט זיך זאָגט:
ווען בײַם האַרץ אַליין געקלעמט מיך און גענאָגט,
איך מײַן לעצטן טראָפּן ניט געקאַרגט,
און געוואַרעמט און געקרעפּטיקט און געשטאַרקט!"

## ווידוי

דו ביסט, ברודערל, אַ ווּילער,
און דער וואָלף — אַ קוילער?
דאָס געביין פאַרשעלטסטו אים אוודאי?
ניטע!
הער נאָר, פאַרן וואַלד־צדיק רב בער שליט״א
זיך דער וואָלף מתוודה,
קלאַפּט אין האַרצן מיט זײַן לאַפּע זיך על חטא,
כליפּעט נעבעך, קרעכצט און רעדט:
„גלייבט מיר, רבי, ווי אַ וואָלף איך בין,
טו איך אַ באַטראַכט זיך — ניסים, וואָס איך גיי ניט פונעם זין!
מיר דאָס לעבן, שווער איך אײַך, ניט ניחא!
אויך אַ לעבן: פּחד, בלוט, רציחה!
און דערצו — האַלב הונגער איך, האַלב פאַסט איך!
איך בין זיכער, ווען מײַן האַרץ זאָל וויסן יענער פאַסטעך,
וואָס פון מויל מיר אויסגעריסן הײַנט צוויי פּיסלעך מיט אַן אוי׳רל,
וואָלט מיט מיר איינינעם ער באַוויינט מײַן גורל!
זאָגט מיר, רבי — איר זענט בקי הן אין נגלה הן אין נסתּר —
זאָגט, פאַרוואָס אויף מיר אַ שטראָף, אַ צאָרן אַזאַ וויסטער,
ציען מײַן חיונה פונעם טויט?
און וואָס מער איך לעב, מער רויט
זאָל די זינדיקע נשמה ווערן
פונעם בלוט פון כּשרע בהמות,
וואָס איך מזיק, ממית —
פרעגט נאָך וואָס? דעם חומר צו געגערן!
איז דען ניט אַ גאָטס רחמנות אויף די שעפעלעך, די רינדער?
גלייבט מיר, זאָל איך זײַן אַזוי אַ טאַטע מײַנע קינדער,
ווי ניט איין מאָל, אין דער סאַמע הייסער גליקלעכער מינוט,
דעמאָלט, ווען צווישן מײַנע ציין

פלאַטערט, צאַפּלט זיך אַ שעפּעלע, ווען פריש הייס בלוט
שפּריצט, שפּריצט, סע קנאַקט אַביינדל נאָך אַ ביין —
טוט אין האַרצן מיר אַ ריס
און אין גאָרגל זיך אַליין
איך געגיבן וואָלט אַ ביס!"
רעדט אַזוי דער וואָלף, ער קלאָגט זיך. און דער בער,
ער —
דם ואש,
זיצט און לעקט די סלינע: „אוי, אַ שטיקל פלייש!"

## די שאלה

הייס דאָס אייוונדל, סע פלאַמט.
האַרציק זיס, באַטעמט
צו די קיילעטשלעך די שבתדיקע רעדט עס,
מיט אַ ליבער וואַרעמקייט זיי גלעט עס —
אײַנגעבאַקן אים די קיילעטשלעך אין האַרץ.
ניין, וואָס מער גערעדט, אַלץ ווייניקער געזאָגט!
ווען אַ וואָרט נאָר איינס, אַ מעכטיקס, ער פאַרמאָגט,
איינס, אַ צאַפּלדיקס, אַ ווייכס, אַ צאַרטס,
וואָס זאָל מיטאַמאָל אי טון אַ גלעט אַ זיסן, אי אַ ברען,
ווען —
נאָר אומזיסט! אומזיסט! פאַרפאַלן! צום באַדוי'רן
נאָך דאָס וואָרט עד היום ניט געבוירן —
ניין, ניטאָ נאָך און סע וועט ניט זײַן!
„אוי, אַ ווייטיק איז מיר!" מיט אַ רעש
לויפט די לאָפּעטע אינמיטן גאָר אַרײַן,
„פון די קיילעטשלעך פון מײַנע שיר געוואָרן אַש!
קומט! אַנטלויפט, אַנטלויפט, כּל־זמן איר קענט!
גיכער!" שרײַט זי, „גיך! איר ווערט דאָך באַלד פאַרברענט!"
און די קיילעטשלעך אַרויסגעשלעפּט זי אַלע,
גאָט צו דאַנקען. גומל בענטשט די חלה
און זי פּילט זיך גליקלעך, אויפגעמונטערט, פריש,
און אָט וואַקסט זי אויס גאָר אויפן טיש
אויוונאָן און מע באַדעקט זי ווי אַ כּלה.
וואָס־זשע קען דען זײַן נאָך בעסער?
פלוצים — אוי, געוואַלד, וואָס וויל דאָס מעסער?
ווײַ, סע שנײַדט אויף שטיקער! און אַ שאלה פּיבערט
און זי בלײַבט פאַרגליווערט:
גוט דאָס אייוועלע, די לאָפּעטע נאָך בעסער,
און צום סוף גאָר — פונעם פלאַם צום מעסער?

## דער לייב און דאָס מײַזל

אין אַ נעץ אַ לייב אַרײַנגעפאַלן און ער
ליגט — אַ שטומער דונער,
אַ פאַרצווייפלטער,
אַ פאַרפלאָנטערטער, פאַררייפלטער
אין אַ כמאַרע אַ געפּפלטער.
פאַר אַזאַ מין צער, מענטש, גלײַכגילטיק ניט פאַרבײַגיי!
קומט די מויז און קוים נאָר נענטער צוגיין זיך דערלויבט —
„נעבעך!" רעדט זי שוין, „איך וואָלט דאָס ניט געגלויבט!
מויז און לייב — אַבי מע לעבט נאָר, צרות ניט קיין דאגה!
וויי מיר, וויי!
דאָס דער לייב? דער ל י י ב? אוי, האָזל, גיי,
רוף די קאַץ, וואָס נעכטן ערשט פאַרצוקט מײַן ברודער און מײַן
שוואָגער,
רוף זי, רוף, און זאָג איר:
קום און קוק: אַ לייב — די ערד געציטערט, וווּ געשטעלט אַ פוס ער,
איצטערט זע און נעם־אַראָפּ אַ מוסר!
וואָס־זשע זאָל אַ קאַץ שוין זאָגן, אַז אַ לייב אַזוי אומגליקלעך?
וואָלט געוועזן דאָס כאָטש אַ נעץ פון שטריקלעך,
מאַך איך באַלד פון איר שטיק־שטיקלעך!
אָבער אײַזן! וויי, אַ נעץ פון אײַזן!
דאָ אַ מויז אפילו קען קיין גבורה ניט באַווײַזן!
עד, פאַראַן אוממיגלעכס אויך פאַר מײַזן־ציינער!
וואָס־זשע טוט מען? זאָל איך וויסן מיר אַזוי פון שלעכטס!
מיט אַ זיפץ נאָר קען איך העלפן, מיט אַ קרעכץ!
אויך אַ זאַך דאָס, מיטגעפיל וואָס קומט דיר פון געטרײַשאַפט
ריינער — "

„בורר! !" קײַקלט זיך אַ דונער אײַן און אויס.
כאַפּט די פּיסלעך אויפן פּלײצעלע די מויז,
טראָגט זיך אָפּ, ניט טויט ניט לעבעדיק, צוריק אין לאָך,
דאָרט געבליבן ליגן קראַנק אַ גאַנצע װאָך —
ניט פּאַר אײַך געזאָגט, געכאַפּט זי אין דער לינקער זײַט אַ שטאָך —
און פֿאַרזאָגט קינדס־קינדער און געשוווירן:
„וואָס ניט מיט אַ לייב זיך טרעפן, זאָל קיין מויז אים ניט באַדוי'רן!"

# דאָס היטל צוקער

אלה תּולדות נח:
נח — גלאַטער הינטן, שפּיצעכיקער מוח,
העפּלעך זיסער, פּינקטלעך קאַלטער,
זיבן יאָר געווען בוכהאַלטער,
נאָכדעם טוט אַ קוק ער,
ערשט — ער איז אַ היטל צוקער!
היטל צוקער? קען מען דאָך אויף שטיקלעך אים צעבראָקן,
אין די צוקער־פּושקעס אים דערלאַנגען צו די טישן,
וואַרפן אין די הייסע גלעזער און מיט לעפּעלעך אים מישן!
האָט זיך דווקא נח ניט דערשראָקן —
גלײַך ווי קיינמאָל גאָרנישט, שטייט זיך רויִק, מוטיק,
און ווי ווײַסער שניי ער רעדט קאַלטבלוטיק:
„בראָקן וויל מען? זאָל מען בראָקן!
איך שוין סײַוויסײַ אַ זקן,
כ׳האָב דערשלעפּט שוין, דאַנקען גאָט, ביז פערציק,
און איך זאָג עס אָפּנהערציק:
שלעפּן ווײַטער וואָלט געהייסן, על־פּי חשבון, אַ פאַרברעך,
גלײַך ווי עפּעס פעלשן אין דער בוכהאַלטעריע,
צושטעלן צום קרעדיט זיך אַ נול — נו, זײַ אַ בריה!
ועסטו כאַפּן, ברודער, בעך!
און אַז צוקער בין איך,
איז פאַרגין איך —
זאָלן גוטע־פרומע לײַט פון מיר געניסן!
ביטערניש אַזוי פיל — זאָל זיי׳ר גלעזל טיי איך כאָטש פאַרזיסן!
מײַן נשמה איך אַרײַנגעטון אין וואָס? אין צאָלן טרוקענע!
זאָל מען האַקן מיך אויף שטיקלעך,
כאָטש די ווייטיק אַ מסוכּנע —
איך דערפילן וועל זיך גליקלעך

און צעגיין זיך אין אַ וואַרעמער מתיקות!
עד, יסורימלעך־של־אהבה, קומט, אין אײַך דאָס גרעסטע גליק איז,
וואָס סע קען זיך מיר נאָר מאָלן!
קומט־זשע, טוט מיך אויס שוין פון די צאָלן!
גיסט מיט אַלע מיך צונויף! ניטאָ קיין נח, שמעון, ראובן!
איינס פאַראַן — געזאַנג פון כּרובן!"
אָט אַזוי־אָ די יסורים ער אויף זיך געבעטן.
און אויף צרות, דאָס טאָג־טעגלעך זעט'ן,
קומט ניט אויס צו וואַרטן ווי אויף גליק אויף שפּעטן;
דאָס געבעט געהאַלטן נאָך אינמיטן —
שוין אויף שטיקלעך אים מע האָט געשניטן.
„עסט מײַן לײַב און טרינקט מײַן בלוט!" געמורמלט ער אין
זיסע ליידן
און איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט אין בריענדיקע פריידן.
נאָר אַז ער געקומען שוין אין זײַן גן־עדן
און דערגאַנגען ביז אין תּוך אַרײַן אין די געדערים
פון חברים,
ערשט — פאַר וועמען ער געליטן?! פאַר חזירים!

## דאָס מעסער און די זיבן פלאַמען

הערט, דאָס מעסער, אונדזער חריף, בראָקט שוין
תּורת־לאָקשן,
שנײַדט ווי אַ בר סמכא, ווי דער לעצטער פּוסק:
„וואָס איז לעבן, קלערט איר זיך, אַ בלאַט גמרא?
יעדער לויט זײַן שׂכל און השגה אין אים עוסק,
ווער סע ווײַזט־אַרויס בקיאות, ווער אַ שאַרפע סברה?
מאַכט זיך, קינדערלעך, ניט חוזק —
לעבן איז אַ בלעטל לאָקשן, וואָס מע בראָקט,
בראָק נאָך בראָק, בראָק נאָך בראָק,
ביז מע זאָגט:
בראָק — אַ גוטן טאָג!
און מע גייט שוין אין דער יויך
און פון דאָרטן גלײַך אין בויך,
אין דעם הייסן קעסלקאָך,
וואָס ער מאָנט אַלץ נאָך און נאָך,
נעם כאָטש גיב אים אַלע ווייטיקן און צרות!"
„וואָס־זשע טויג דער גאַנצער עסק?"
„אויף כּפּרות!
דאָס פאַרשטייט אַ קינד אפילו — ס'איז דאָך אלף־בית'יק!"
„ווער־זשע האַלט אײַך אָפּ, רב מעסער?
איידער תּורת־לאָקשן בראָקן, בראָקט מען זיך שוין בעסער!"
„וואָס? צעבראָקן זיך אַליין? דאָס קען דאָך ניט די שאַרפסטע
שווערד!"

„מיר די חכמה שוין געהערט!
אַז מע קען זיך ניט צעברעקלען, שטעקט מען אײַן זיך טיף אין דר'ערד,
ווען דאָס לעבן האָט פאַר דיר שוין ניט קיין ווערט!
לעבסטו — פלאַקער, ביז דײַן אייגן פײַער דיך פאַרצערט!"
אָט אַזוי אין העלע גראַמען
קנאַקן זיבן לעבעדיקע פלאַמען,
שפּרינגענדיק אין פּנים אים — אַ רוח אין זייער מאַמען!

## דער רויטער מאָן

טאָג ווי נאַכט געפּײַערט און געברענט דער רויטער מאָן:
„אַז דער גאָרטן גאָלע שקר און סע גייט ניט קיינעם אָן!
קוקט נאָר אָן דעם צדיק מיטן בערדעלע, דעם פּאַפּושוי —
ווײ און אוי!
אײַנגעהילט אין גרינעם טליתל, שטייט אַ לאַנגע שמונה־עשרה,
זיפּצט און שאָקלט זיך, בעט אויף צײַטן בעס'רע,
פרום,
און אַז קיינער זעט ניט, אַז מע שלאָפט אַרום —
קוצעניו־
מוצעניו
מיט דער געלער סאָניטשקע! (די זונבלום, הייסט עס).
און די קײַלעכדיקע דיניע דאָרט וואָס טראַכט זיך?
דאַכט זיך,
ווי אַ טיקווע נאַריש, האַ? אַ נעבעכל, וואָס ווייסט עס?
זאָלט איר זען, נו, ווי צו שמד־שטיק האָט עס שכל
און בגנבה צום אַרבוזיקל אַ חנדעלע, אַ שמייכל!
מילא, ווען אַרט עס? גלאַט אַזוי, טשיקאַווע!
אָבער וואָס חטאים גאָר אויף יענעם זוכט זי
און סע ברענט זי און באַקומט די געלע זוכט זי:
„סטײַטש, דער רויטער מאָן אַ רשע, אַ בעל־תאווה!"
און די אוגערקע אפילו?
כלומרשט זיך אַ וווּילינקע, אַ שטילע,
גרין, קיין פּיצל יצר־הרע —
פּירט זי סודות דורך די נעכט מיט דער מכשפה,
מיט דער אַלטער פּאָמעדאָרע!
אוי, ניט גלאַטיק — ווו: אַ סוד, איז טריפה!"
נאָר נאָך מער פאַרדריסט אים אויף די הויכע ביימער:
נאָר מע שושקעט זיך, שטיל, שטילער און געהיימער,

און אַ משא־מתּן פּירט מען מיט די פייגעלעך פון דרויסן —
גאָט ווייסט וואָס זיי זענען אויסן!
שלעכט! ער מוז אַוועק, אַוועק פונדאַנען!
ווי אַזוי־זשע? אַז מע וויל, מניעות ניט פאַראַנען!
וואָס־זשע, זענען דען די זומער־פייגעלעך
ניט געווען אַמאָל קיין מאַרגעריטקעס, רחלס־אייגעלעך,
און זיך אויסגעריסן פרײַע, פרײַ?
זאָל ער נאָך צעוואַקסן זיך, נאָר קומען צו די כּוחות,
דעמאָלט, דעמאָלט — איינס, צוויי, דרײַ,
און ער פליט אַהין, אַהין וווּ ריין און הויך איז,
צו די הימלרויזן, צו די שטערן!
ווער וועט אים פאַרהאַלטן? ווּעמען וועט ער הערן?
גאָט, נאָר אויסוואַקסן שוין גיכער! וואַקסן! וואַקסן!...
דרייען, דרייען רעדער זיך אַרום די אַלטע אַקסן,
שפּינט די צײַט זיך טעג און נעכט פון גראָע פלאַקסן,
ביז לסוף אַ ליכטיקן פרימאָרגן אויסגעקרייט דער האָן —
מזל־ברכה! אויסגעוואַקסן אונדזער מאָן!
אויסגעוואַקסן — אָבער קוקט, זײַט מוחל, און דערקענט:
ווּ די בלום? די פײַערדיקע פאַרבן?
פאַרבן, וואָס די אויגן אונדז געברענט?
ווּ איז פליגל, ווּ? אַ קעפּעלע, אַ שאַרבן,
פול מיט שוואַרצע מאָנדעלעך פּיצפּיצעלעך —
פון אַמאָליקע חלומות דאָס די שפּיצעלעך.

*

און געהערט אַ קול איך, געזאָגט דאָס אַזוי מיר:
„נעם אַ מאָנקעפּל און גיי צו מײַנע טרוימער,
און זאָלסט זאָגן זיי: „אַזוי זאָגט אַדוני מיר:
איך האָב אײַך געשיקט אַ מאָן —
מײַנע טרוימער, קוקט אײַך אָן!"

## די טעקעלעך

ליגן טעקעלעך צוויי אויף איין געלעגערל
און זיי פּלאַפּלען, ווי דער שטייגער,
אַז מע ליגט אויף איין געלעגער.
פּלוצים זיי צערעדט זיך וועגן זייגערל,
וואָס געליגן אויפן טישל לעבן בעטל.
„הערסטו ?" זאָגט דאָס טעקל עטל־נעטל,
„וואָס, וואָס — עיקר פּאָרט דאָס טשיפּערבלעטל !"
„נו, פאַרשטייט זיך !" ענטפערט איר דאָס טעקל
קיש־אין־בעקל,
„קלאָר — ניטאָ קיין טשיפּערבלעטעלע, ניטאָ אויף וואָס צו קוקן !
נישט צו מאַכן ! מעג דאָס הערצל קלאַפּן דאָרט מסוכּן,
קיינער מאַכט דערפון קיין וועזן !"
„זיכער ?" „זיכער !"
„נעבעך ! און וואָס זאָגן וועגן דעם די ביכער ?
דו האָסט ביכעלעך געלעזן ?"
„פע ! לאַנגווײַליק ! אויפן ערשטן בלעטעלע אַ קוק
און גענוג !
קומט צונויף אַמאָל זיך אָנצורופן קלוג :
פאַוסט, געטע, שילער, שמ"ר,
דאָן קיכאָט, בר־כּוכבא, אמנון, תּמר —"
„אוי, דו ווייסט דאָך, שוועסטערל, אַ ים ! פונוואַנען ?"
„כ'בין אַמאָל בײַם ביכער־שאַפעקלע געשטאַנען.
אָבער יאָ, אינדעסן —
וואָס געוואָלט איך זאָגן און איך האָב פאַרגעסן ?
ערשט געליגן אויף דער צונג מיר גראַדע —"
„וועגן טשיפּערבלעטעלע אוודאי ?"
„יאָ, נו ! טשיפּערבלעטעלע, פאַרשטייט זיך, איז דער עיקרשט,
נאָר צום טשיפּערבלעטל מוז מען האָבן גליק ערשט —

מזל, שוועסטער, מזל! שטייגער:
מעגסט מיר גלייבן, איך אַליין געקענט אַ זייגער —
גאָלד, דאָס טשיפּערבלעטעלע — אַ פאַרגעניגן!
און סע גייט ניט, און מע לאָזט עס ליגן!
און פאַרוואָס? ניטאָ קיין גליק!"
„טאַק, טאַק, טאַק! טיק, טיק!"
טאַקעוועט דאָס זייגערל איר צו,
„איז ניטאָ קיין מזל, העלפט ניט גאָרניט, וואָס ניט טו!
מיך פרעג, שוועסטער, מיך!
גיי פּאַוואָליע איך,
זאָגן זיי, איך קריך;
נעם איך האַסטיק זיך באַוועגן,
שרײַען זיי: „סע גייט אויף אים אַ רעגן!
מעגסט אונטער אַ שטיין אים לייגן!"
און געדרייט מיר די געדערימלעך אַהין, אַהער.
שווערלעך, קינד, אָן מזל, שווער!
יאָ, ווּהין דו זאָלסט ניט בייגן זיך און נייגן —
האָסטו מזל, לויב זײַן ליבן נאָמען, דאַנק!"
„דאַנק, דאַנק, דאַנק!" אַרויס דער וואַנטזייגער מיט פולן קלאַנג,
„איידער זיך אויף ביטער מזל צו באַקלאָגן,
היט דײַן שעה און ווייס דײַן רגע, ריכטיק זי צו שלאָגן!"

## שטיוול

מאַטעס טרעגער
רוט דיביינער אויס אויף זײַן געלעגער.
לעבן בעט
שטייען זיך די שטיוול זײַנע און מע רעדט:
— שרעקלעך, שרעקלעך!
אפשר וואָלטןביידע מיר אויף זיך דעם טויט געבעטן?
אויך אַ לעבן, בלאָטע קנעטן!
— עט, סע פעלט דיר, ברודער, אַ פּאָר פלעקלעך,
צי גאָר אַן אָבצאַס פאַרלוירן, ווייס איך?
שוטה, שוטה, ס'גייט דאָך עפּעס פּסח!
— נו, איז וואָס? — וועט ווערן טרוקן
און רב מאַטעס אונדז געטרײַ
מיט דער באַרשט אָפּגלאַנצן, וועמיר ווערן נײַ,
שפּיגעלעך — אַ חיות זײַן צו קוקן!
— טאַקע?
— טאַקע, טאַקע! ס'האָט אַ זשאַבקעלע געטון אַ קוואַקע,
ס'איז אַ גוטער סימן! האָפנונג, ברודער, האָף —
טיף די בלאָטע, נאָר סע גייט, סע קומט אויף איר אַ סוף!
— זאָלסט גאָר אויף קיין שלעכטן אָרט ניט טרעטן!
ווייסט,
האָסט דאָך, ברודער, מיך געטרייסט! —
און פון דעמאָלט, קנעטנדיק די בלאָטע, נאָר געבעטן:
„פּסח — אוי, סע זאָל שוין קומען פּסח!
ווען איך קען די צײַט מיט בײַטשן טרײַבן, הייס איך!"
און די צײַט געקראָכן זיך, געקראָכן,
נאָך אַ וואָך און נאָך צוויי וואָכן —
פון דער אַרבעט קומט ער, מאַטעס,
וואַרפט־אַראָפּ די אַלטע שמאַטעס:

„שׂרה־גיטל‟, זאָגט ער, „נעם דאָס פעקל, אַ מתּנה טראָג צום
גלח עס !‟
אָפּגעוואַשן, אָפּגעפרישט זיך, און אַרײַן אין בגדי־מלכות —
קוקט אויף אים און ניט דערקענט אים שׂרה־גיטל:
מאַטעס אַ באַלבאָס אַ יוסטער,
אויפן קאָפּ אַ זײַדן היטל,
די קאַפּאָטע שפּאָגלנײַ, די שיך נאָר וואָס פון שוסטער
(פּאַר צוויי קאַרבן מיט אַ האַלבן
צוגעזאָגט, געמאַכט אויף יום־טוב זיי רב ראובל).
און די שטיוול?
ניט פאַר זיי די יום־טוב־בשׂורה זינגען שוואַלבן:
זיי געפאַלן מטה־מטה —
אָפּגערוקט פאַרשעמטע, וואַרטן אויף אַ נײַער בלאָטע.

✶

ווי מיר ווילן, ליינען מיר דאָס בריוול.
ווילן מיר, באַדוי׳רן מיר אַפילו שטיוול;
ווילמיר, זאָגן מיר: אַ מצווה! אַלטע לעדער
פראַוון וויל דעם סדר?
אָבער ווײ געשריגן! ס׳טרעפט דאָך אויך מיט מענטשן אָפט:
יום־טוב קומט, נאָר ניט פאַר יענע, וואָס אויף אים געהאָפט!

## בײַנאַכט

אָרעמקייט קיין זינד, חלילה, ניט —
אַ באַווײַז: מע שעמט זיך דאָך דערמיט.
(נו, ווער שעמט זיך הײַנט מיט זינד?
סײַדן נאָר אַ קינד).
איז דאָס טאַקע ניט קיין זינד, נאָר שמײַסן
שמײַסט די וועלט דערפֿאַר,
ווי דעם קנעכט סע שמײַסט אַמאָל דער האַר,
גלאַט אַזוי, פֿאַר ווײַלטאָג, אויף צו פֿלײַסן.
קומט־אַרויס אַ האַרבסט־נאַכט, אָרעם, וויסט און בלינד,
שמײַסט זי מיט אַ לאַנגער פֿײַפֿנדיקער בײַטש דער ווינט.
ווײנט די נאַכט און פֿון די טיפֿע אויגן־לעכער
גיסט זי טײַכן פֿינצטערע אויף דעכער
פֿון פֿאַרשלאָפֿענע, פֿאַרהאַקטע שטיבער,
וואָס זיי כראָפֿען אין דער וועלט אַרײַן מיט נעזער־קוימענעס.
אַלץ פֿאַרטײַעט. נאָר בײַם האָלץ־העקער רב קלונימוס
קלינגט דאָס אַלטע דעכל
מיט אַן אָפּגעריסן בלעכל,
ווי אַ קראַנקער מיט די ציין אין פֿיבער
(שוין אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל,
אַז דאָס הײַזל, ניט פֿאַר אײַך געזאָגט, אַ שטיקל חולה־נופֿל).
און אַקעגנאיבער
אין אַ וויסט געביל פֿאַרגייט זיך יאָמערלעך אַ הונט —
פֿאַרן קראַנקן הײַזל בעט ער דאָס, פֿאַר זײַן געזונט.
נאָר ווער גלייבט עס דען אַ הונט און הערן דען ווער וויל אים,
ווען אפֿילו פֿאַר אַ קראַנקן זאָגט ער תּהלים?
בילט ער, בילט ער, ביז רב קלונימוס באַווײַזט זיך מיטן שטעקן:

„כלב איינער״, שרײַט ער, „ניט געפונען װעמען שוין צו װעקן?
װער באַגראָבן!
מאַרש! מע דאַרף דיך דאָ ניט האָבן!״
טראָגט זיך אָפּ דער הונט, פאַרשטעקט זיך אין אַ לאָך
און ער זאָגט: „אין תּוך,
װאָס מיר קלונימוס און װאָס איז מיר זײַן חולה?
גלאַט אַזוי צו בילן אויך אַן אַרבעט זײ׳ר אַ װוילע״.

## פאַרוואָס די ערד דרייט זיך

זיבן יאָר אין טײַך אין הייליקן, אין גאַנג,
זיך געטובלט יאָ־כון־טשאַנג.
קעגן דער לבנה־שײַן, אין נעכט געהייליקטע, פאַרטראַכטע,
זיבן יאָר גערייניקט זיך, דאָס אַכטע
ווידער זיך געטובלט, גלאַט אַזוי — וואָס שאַט עס ?
איז אַ צאָפּ אים אויסגעוואַקסן ביז די פּיאַטעס ;
ניט אַ פּשוטער — אַ גילדענער, אַ זעלטענער אין כינע,
אין דער גרויסער צעפּ־מדינה.
און אַ צאָפּ אַזאַ זאָל הינטן הענגען, אויפן רוקן ?
יעדער, נאָר ניט יאָ־כון־טשאַנג זאָל אויף אים קוקן ?
און וואָס טוט מען גאָר, אַז עמעץ ווער
נעמט און גנבעט שטיל זיך אונטער מיט אַ שער ?
אַלדינגס קען זיך טרעפן, יאָ ! מיט וואָס איז ער באַוואָרנט ?
ניין, דעם צאָפּ מוז טראָגן ער פון פאָרנט, יאָ, פון פאָרנט !
טוט ער זיך אַ קערעווע, אַ דריי,
איינס און צוויי —
שטיי !
וואָס געשען ?
גאָרניט, אַלץ דער צאָפּ נאָך ווי געווען !
טוט ער ווידער זיך אַ דריי, אַ קער,
איינס אַהין און צוויי אַהער —
אַלץ דאָס אייגענע ! איז דרייט ער זיך נאָך מער,
האַסטיקער, אַ שווינדלראָד —
ניין, סע העלפט ניט, בראַמאַ ווײַזט ניט זײַן גענאָד !
און אַזוי שוין לאַנג
דרייען דרייט זיך יאָ־כון־טשאַנג,
און מיט אים די גאַנצע שטאָט,
דער בית־עולם און דער טעמפּל און דאָס באָד,

מיט דער שטאָט די גרויסע וואַנט,
וואָס אַרום דעם גאַנצן לאַנד,
מיט דער וואַנט די גאַנצע ערד —
ווי אין מיל דאָס בלינדע פערד.
זיך דער וועלט שוין לאַנג פאַרדרייט דער קאָפּ —
און פון הינטן אַלץ דער צאָפּ!

## דאָס ווינטעלע

לויפט אַ ווינטעלע,
יאָגט זיך נאָך אַ שטערנדל, אַ פינטעלע.
טאָגט.
קומט אַ סומנעקייט און נאָגט,
און דאָס ווינטעלע סע קלאָגט.
פינטעלע מיט ווינטעלע סע רייצט זיך —
פינטעלע סע דרייט זיך,
דרייט זיך אַרום ווינטעלע,
ווינטעלע אַ הינטעלע
דרייט זיך אַרום פינטעלע.
עך, אַ שווערער יאַגד !
ווינטעלע סע פייפט, סע קנאַקט —
אי־יו ! ! ווינטעלע דאָס פינטעלע געפּאַקט !
אָפּגעשטעלט דער לויף,
נעמט זיך ווינטעלע צונויף,
זעצט זיך אָפּרו׳ן אויף אַ בערגל,
און אַזוי זיך גרינגלעך על־פּי הרגל
דרייט עס מיט די פליגל פון אַ מיל
און סע מאַכט זיך מיטן פינטעלע אַ שפּיל —
וואַרפט אַהין עס, וואַרפט אַהער,
פּרוּווט צו טרעפן אין אַ ציל.
ווער־זשע שאַרכט דאָרט צווישן גראָזן ? הער :
קײַקלענדיק זיך, פינקלענדיק, אַ גילדן רינגעלע !
שײַנט־אַרויס פון אים אַ פלאַמיק צינגעלע,
זאָגט עס שטיל : „געבענטשט דײַן יאַגד !
האָב ניט קיין פאַריבל, וואָס געוואַגט
איך צו שטערן
אויף אַ ווײַל דײַן שפּיל מיט מיל און שטערן —

איך וויל פרעגן נאָר, צי ביסט אַ בעלן דו אויף זיבן קענדלעך
פּיַערדיקע רענדלעך?"
„זעלבסטפאַרשטענדלעך!"
„לערן־זשע מיך כאַפּן דעם, נאָך ווען איך זיך יאָג
זיבן יאָר שוין מיט אַ טאָג!"
„ווער־זשע איז דאָס? זאָג!"
„איך!"
„כאַפּן זיך?
הערסטו,
דאָס איז דאָך דאָס שווערסטע!"
ענטפערט אים דאָס ווינטעלע
און סע נעמט זיך וויַיטער שפּילן מיטן פינטעלע.

## דאָס אויגן־מענטשעלע

יעדער טראָגט ביַי זיך אין אויג אַ מענטשעלע אַ פּיצעלע —
טראָגט אַזוינס, פֿאַרשטייט זיך, אויך דאָס שוחטל רב איציעלע.
איינמאָל פֿאַרן שלאָפֿן זאָגט רב איציעלע „המפּיל",
טוט אַ צאַפּל
זיַין שוואַרצאַפּל —
נעמט דאָס וואַסער אין דער דייזשע קאָכן, זידן, שוימען,
און דאָס מענטשעלע אַ פֿלי־אַרויס זיך דורכן קוימען.
שאַ, די נאַכט וויינט? ניין, אַ ווינטעלע שטיל ברומט!
און דאָס מענטשעלע סע פֿליט זיך, פֿליט זיך, און סע קומט
צו אַ קלאָץ אַ גרויסן ביַי אַן אַלטער יאַטקע,
וווּ סע שלאָפֿט דער אַלטער הונט, דער שוואַרצער בלעם,
שטעלט דאָס מענטשל אויפֿן קלאָץ זיך און זאָגט תּהלים:
„למה רגשו" ביז „ננתּקה".
ווערט דאָס מענטשעלע אַ שפּילקע־קעפּל,
פֿונעם קעפּל ווערט אַ קנעפּל,
פֿונעם קנעפּל גרינער עפּל,
גרינער עפּל ווערט אַן איי, דאָס איי
טוט אַ דריידל זיך, אַ דריי
און אַ שטעל זיך אויפֿן שפּיץ,
טוט אַ בליץ
אַ פֿאָספֿאָריש בליצעלע,
שפּרינגט פֿון איי אַרויס רב איציעלע,
גרויס ווי פֿון אַ בוטל דאָס פֿאַרשטעקל,
אָבער, ווי מע זאָגט עס, בּכּל־מכּל־פֿלעקל —
מיטן שטריַימעלע און מיט די שיך־און־זעקעלעך,
פּאותלעך געקריַיזלטע אין פֿלעשעלעך און גלעקעלעך,
דאָס קאַפּאָטקעלע מיט שוואַרצלעך־רויטע פֿלעקעלעך,
הינטן קוקט־אַרויס אַ רויט פֿאַטשיילעכל

ווי אַ צונג פון אַ געקוילעט לעמעלע,
און דאָס בערדעלע צעשויבערט, ווייסט ניט פון קיין קעמעלע.
מאַכט דאָס שוחטל די אייגלעך צו און זינגט אַ פריילעכל:
„אײַ, אײַ, טאַטע פאָטערל! אבינו מלכל!
מײַן נשמהלע פון דיר אַ טיילעכל,
פון דײַן פלאַם אַ פלעמעלע,
ציט דאָס פלעמעלע צום פלאַם
ווי דאָס טײַכעלע צום ים —
העכער, צו דער שכינה, צו דער מטרוניתא!
אײַ, מחשבות, אײַ, אײַ, זיסע!
קדוש! קדוש! קדוש!" און אַ שפּרינגל און אַ שפּרינגעלע,
און סע שלעפּט פון הינטערקעשענע דאָס רויטע צינגעלע,
הענגט דערויף פון יענער זײַט אַ גילדן רינגעלע,
שטעקט אין רינגעלע אַ פינגערל,
נאָכן פינגערל אַ הענטעלע, און נאָכן הענטעלע
יענטעלע —
לילית אין אַ פרעמדן מענטעלע
פונעם חזנס טעכטערל, אַ מיידעלע, אַ זינגערל.
יענטעלע אַ באָרוועסע,
און סע ציטערן די יונגע הערשעלעך, דאָס צווילינג־פּאָר — וואָס אי׳?
נעבעך נאַקעטע, אַ קרירה!
אירע
שוואַרצע צעפּ צעפּאַטלטע, צעווינטע!
אַ רחמנות! גייט רב איציעלע מיט איר אַ טאַנץ —
לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתּיה!
זאָל דער כּסא און זײַן ליבער נאָמען ווערן גאַנץ,
זאָלן זינגען באַרג און טאָל אים —
אהבה, אחדות, שלום!
איז דערפאַר
פּאַדאַווײַ־זשע, איציע, זשאַר!
שטאַרקער, איציע! עד, אַ ריקוד! עד, אַ ריקוד!

און דאָס קול פון כשרע בהמהלעך מערוקעט
פונעם קלאָץ אַרויס, דער קלאָץ אַזש פוקעט:
„שכינה, אחדות, ליבע, שלום — וויל און גוט;
נאָר פאַרוואָס־זשע טאַנצט עס גאָר אויף אונדזער בלוט?״

## נקמה

גייט אין וואַלד אַרײַן אַ טאָטער
קאָקוסניס צו זוכן (זיי פאַרקויפט אין שטאָט ער).
גייט ער, גייט ער,
און אָט שטייט ער
פאַר אַ בוים. אָנגעשפּיגעוועט ז'ער בוים מיט ניס —
אָבער, גאָט, ווי הויך ער איז!
און ניט צוגעגרייט, פאַרשטייט זיך, קיינער דאָרט קיין לייטער.
ווי ער טוט אַ קוק: אַהאַ —
אויפן בוים אַן אַפּל! זאָגט דער טאָטער: „זײַ געלויבט, אַללאַ!
אי די ניס באַקום איך, אי ניט אויפן בוים געקראָכן —
זיך די אַלטע ביינער ניט געבראָכן!"
וואָס־זשע טוט ער? צילט און טרעפט אין אַפּל ער אַ שטיין.
בייז דאָס אַפּל, שאַרפט די ציין,
בײַסט אַ נוס אָפּ, וואַרפט אין טאָטער.
„וואַרט, דו וועסט פון מיר שוין אַזוי גיך ניט פּטור!"
זאָגט דער אַלטער
און די נוס באַהאַלט ער.
נאָך אַ שטיינדל — נאָך אַ ריס,
און סע פליען ניס אויף ניס.
קורץ, סע פלאַקערט אַ מלחמה:
טאָטער וואַרפט אין אַפּל שטיינדלעך און שלאָגט־אויס אַן אויג אים,
ס'אַפּל זיך אין טאָטער נוקם
(זיס איז די נקמה),
נוקם, נוקם, ביז —
ביז דער טאָטער טראָגט־אַהיים אַ פולן זאַק מיט ניס.

## דער שפּיגל און דער מלאך

קעגן שפּיגל
שטייט אַ וויגל,
אין דעם וויגל שלאָפט אַ קינד.
און דער מלאך מיט די רעגנבויגנדיקע פליגל
שטייט צוקאָפּנס און אַ חלום אים ער שפּינט
פונעם האָניק־פּאָדעם, וואָס אים איבער מײַלעכל גערונען,
ווען דאָס קינד נאָך אין גן־עדן אויף אַ טייטלבוים געזעסן
און אַ טייטל דאָרט געגעסן;
אָט דעם פּאָדעם דעמלט אויסגעכאַפּט דער מלאך און אַנטרונען.
איצטערט שפּינט ער פון אים גליק, איז גליקלעך מיטן קינד
איינענעם —
שמייכלענדיק גיט־איבער ער זײַן חן אים.
זאָגט דער שפּיגל: „שײַנסט? ביסט גליקלעך, ליבער מלאך?
איך פאַרגין דיר, פונעם גאַנצן האַרצן דיר פאַרגין איך —
כאָטש אַליין איך ווײַט פון מזל, ווײַט אַ ווײַטן מהלך.
איך אַ קינסטלער בין, פאַרשטייסטו מיך, אַ מאָלער בין איך —
וואָס איך זע, דאָס מאָל איך.
איצט דאָס קינד אין וויגל גיב איך איבער — זע, ווי ריכטיק!
און די פאַרבן — קוק, ווי העל, ווי ליכטיק!
גלײַך ווי ניט קיין גלאָז — קרישטאָל איך!
און זאָל ווער אַ דאַנקל זאָגן מיר, אַ יישר־כּוחל!
שטאַרבן מוז אַ קינסטלער, ער זאָל מאַכן ערשט אַ רושם?
נאָכן טויט מיר זאָגן שבחים? אחרי מות קדושים?
מוחל!"
„שפּיגל, שפּיגל, זאָל דיך ניט פאַרדריסן!"
זאָגט דער מלאך מיט אַ שמייכעלע אַ זיסן,
„מאָלן מאָלסטו טאַקע ריכטיק און מיט אַלע כּללים,
אָבער דאָס נאָך ווייניק: קינסטלער ביסטו, ווײַז דעם חלום!"

## בענקשאַפט

„פון די טיפענישן רוף איך, רוף צו דיר, מײַן האַרץ!
איך בין קראַנק, און פינצטער איז מיר דאָ און שוואַרץ!
און איך קען דאָס ניט פאַרשטיין, איך האָב דאָס קיינמאָל ניט
פאַרשטאַנען,

וויאַזוי, פונוואַנען
קומט צו מיר די אַנונג
וועגן דיר און וועגן דײַן פאַרהאַנונג!
און איך ווייס, איך ווייס, איך האָב דאָך ניט די ווערט
בלויז דײַן נאָמען צו דערמאַנען.
אָבער דו, אָ ליכטיק האַרץ, וואָס פילט, וואָס הערט
און פאַרנעמט דעם רוף פון מינדסטן ווערעמל און זײַן באַגערל,
דו, דו וועסט ניט נעמען פאַר אומגוט, וואָס איך, אַ נישטיק טרערל
פון אַ קראַנקער ראַקאָווינע,
לעכץ, איך הינע
און גיי־אויס נאָך דיר, מײַן האַרץ, מײַן שכינה!"
אָט אַזוי געוויינט אין ים אַ פערל.
און אַז מ'האָט זי פונעם ים אַרויסגעצויגן
און מיט נאָך אַ סך אַזעלעכע ווי זי,
דורכגענומענע פון בענקשאַפט־גלי,
אויפגעסיליעט אויף אַ זײַדן שנירל,
און די מלכה פון דרײַ ימען, מירל,
(ז'האָט אַ שוואַרצן האָר־ים און צוויי ימען אויגן),
האָט זי אויפן אוצר פון פאַרלאַנגען,
אויפן מיידלהאַרץ אויף אירן אויפגעהאַנגען —
באַלד
זי ווי אירע שוועסטערלעך דערוואַרעמט זיך, צעשטראַלט
אינעם נחת־ליכט שוין לאַנג געגאַרטן,
און איניינעם מיטן האַרץ גענומען אויף אַ האַרץ ערשט וואַרטן.

## איבערן ים

איז די נאַכט אַ גוטע שטילע מאַמע? מן־הסתּם!
ווי אַ מאַמע איר בן־יחיד, נעמט די נאַכט אַרום דעם ים.
און זי הערט זיך צו אים צו, און הערט זיך אײַן, און הערט.
און דער ים, ער וואַקסט — דער ים האָט זיך פאַרמערט:
אַלע זיבן ימים מיטאַמאָל.
און די זיבן אויסגעטון פון צאָל.
וואָס דער ים? אַ רויער, ניט פאַרהאַרטעוועטער הימל?
ניין, אַ ציטעריקער דרימל,
דרימל פון אין־סוף.
און דאָרט אויוון, העט אַרויף,
שווים נאָך שווימל,
ציילנדיק אַ יעדן שווים פאַמעלעך, מיט כּוונה:
אלף, בית, גימל —
שווימט זיך, שווימט זיך די לבנה.
זאָגט צו איר די נאַכט
אויף אַ קול, וואָס ניט סע רעדט, נאָר טראַכט:
שאַ!
פרעגט זי די לבנה: האַ?
זאָגט צו איר די נאַכט
אויף אַ קול, וואָס ניט סע רעדט, ניט טראַכט, נאָר דאַכט:
פּתח־שין!
פרעגט זי די לבנה: וואָס? ווּהין?
זאָגט צו איר די נאַכט
אויף אַ קול, וואָס ניט סע רעדט, ניט טראַכט, ניט דאַכט, נאָר וואַכט:
ש־ש־ש!
ענטפערט די לבנה: העכער! הויך! איך הער דיך ניש׳!
נעמט די נאַכט מיט שטערן שפּיִען:
העכער? העכער נאָך ווער קען דען שרײַען?

## דער רעגנבויגן

ווייסט עס דער ניטגוטער !
פרילינג אָנגעפרינדעט זיך דער הימל אין אַ וואָלן פוטער
און באַקומען ער אַ מראה פון אַן אַלטער באַבעצע.
האָט דער אַלטיטשקער די נאָז געגומען קאַפּען, קאַפּעט זי ;
פון דער נאָז ניט שטייען־אָפּ די קאַלעמוטנע אויגן.
שמוציק־נאַסער אומעט
נעמט דיך דורך, כאַפּט־אַרומעט.
האָט די האָפענונג, אַ פרישער יונגער רעגנבויגן,
זיך צונויפגעקנוידערט, זיך צונויפגעצויגן,
איינגעדרייט זיך אין אַ פאַרביק בייגעלע,
זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַבעטשקע, אַ זומערפייגעלע,
און אַוועק אַוועק געפלויגן
ערגעץ ווײַט אונטערן שטעטל,
דאָרט אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ בלעטל
פון אַ ווײַנענדיקער ווערבע
פאַר אַן אַלטער חורבה
און גענומען פרעגן אַלטע קשיות :
„פייערל, וואָס קנאַקסטו, אַז דײַן סוף גאָר קויל און אַש איז ?
אויף די פעלדער ניט צעבליט זיך נאָך די זאַנגען —
און בײַנאַכט אין הימל לאַנג דער סערפּ שוין אויפגעגאַנגען !
דרייט זיך ווי אַ קאַרוסעל אַרום דער זון אַן ערדל —
דרייט זיך אום אַ באָק און שאָקלט מיטן בערדל !
און אַ קאַלטער הימל הימלט,
הימלט זיך אין גרינעם טײַכעלע און שימלט,
און אַן אַלטע באַבע שטריקט אַ זאָק און דרימלט —
פרעג, נאַכוואָס ?"
און די אַלטע באַבעצע דאָרט אויוון שנײַצט זיך אַלץ די נאָז,
מעלקט ווי פון אַ פולער אײַטער,

און די קאַליע אויגן קיסנען אַלץ און טרערן.
טראַכט דאָס רעגנבויגנדל זיך ווײַטער:
„צו דער ערד אַנומלט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ בלאָער שטערן
און געבליבן שטעקן אין דער בלאָטע מיאוסלעך
ווי אַ כרושטש, וואָס איז געפֿאַלן נאַזנדיק און צאַפּלט מיט די פּיסלעך,
און אַ גילגול קוואַקעט אין געמויזעכץ ווי אַ גרינע זשאַבע
און סע דאַכט זיך אויס אים, דאָס איז עולם־הבא.
נו, און איך? נאָכוואָס דאָס נאַרן זיך? אָט פֿרעג זיך אין דער שטיל איך:
איך אַליין, וואָס טו איך דאָ? וואָס דאַרף איך דאָ? וואָס וויל איך?
וואָס דער שכל? סאַראַ זין?"
אינדעם זע, אַ שטראַל אַ גילדענער אויף אים געפֿאַלן דין,
ציטערדיק — וואָס איז?
אין דער הימל־זשופּעצע אַ ריס —
דאָס די זון באַווײַזן מיט איר שפּיז.
און ווי דורך אַ כּישוף אַלץ: דער טאַטע הימל
און די מאַמע ערד, דאָס גרעזל און דאָס בלימל,
און דער גרינער כּלה־שלייער (ס׳הייסט דער שימל,
וואָס פֿאַרציט דאָס פּנים פֿונעם טײַכל),
און דער כרושטש, וואָס ליגט אַרויף דאָס בײַכל,
און ער ציטערט ווי אַ שטערן מיט די שטראַלעכלעך־שפּיצפּיסלעך,
און די שפּרינגערקע, די קוואַקערקע, די זשאַבע,
אי די גוטע־פֿרומע שמאָכעדיקע באַבע,
אי די קלוגע שפּיסלעך,
וואָס זיי קושן זיך און ליובען זיך ווי טויבן מיט די דינע פּיסקלעך
און שפּיל־חנעוודיק מיט בליאַסקלעך־בליסקלעך
האַקלען זיי איר אייניקל אַ זאָק,
אי דאָס קאָמיש־תּמימותדיקע בערדל פֿונעם באָק,
אי דער פֿלאַטער פֿון דער פֿליג, דאָס זשומזשען פֿון דער בין —
אַלצדינג מיטאַמאָל באַקומען שוין אַ זין.

און דער זון אַקעגן אין זײַן גאַנצער גרייס דער רעגנבויגן
אויפֿן שטערן פֿונעם הימל מלכותדיק זיך אויסגעצויגן.

*

וואָס? די וועלט חסר־דעה'ש?
פֿינצטער? גליטשיק? יאוש
אין די ביינער עסט זיך אײַן?
אָבער, חברה, אַז די זון וועט טון אַ שײַן!

## אליעזר פרענקעל

# צו אַ שטיינבאַרג־ביבליאָגראַפיע[1]

### אַרײַנפיר

יעקב שטערנבערג שרײַבט אין זײַן נאָכוואָרט צום באַנד „מעשאָלים" (, טשערנאָוויץ, 1932): „נאָך דעם דאָזיקן בוך, וואָס נעמט אַרײַן קאַרגע הונדערט פופציק משלים, פאַרשיידענע לויט זייער אינהאַלט, סטיל און שאַפונגספעריאָד, זענען אָנגעמערקט צום אָרדענען און אַרויסגעבן פולע נײַן בענד שריפטן: משלים, מעשׂהלעך, טעאַטער־פּיעסעס פאַר גרויס און קליין, קינדער־לידער, פּעדאַגאָגישע־אַרבעטן, בריוו און געשפּרעכן" (דאָרט, ז' 296).

אין זײַן בריוו צו דעם שטיינבאַרג־קאָמיטעט, ווו ער דאַנקט פאַר דעם צוגעשיקטן בוך „מעשאָלים" (, רופט זיך אָפּ ח. נ. ביאַליק, מלא התפעלות, אויף „די געניאַלע משלים פון פאַרשטאָרבענעם פרײַנט מײַנעם אליעזר שטיינבאַרג ז"ל" — — „יעדער משל האָט זײַן באַזונדער חן, זײַן באַזונדער כישוף. דאָס איז אַ גרויס מײַסטערווערק, וואָס וועט באַשײַנען אונדזער ליטעראַטור לדורי דורות"[2].

ביאַליק האָט אין זײַן אויך צו דערמאָנען וועגן ליטעראַרישן עזבון: „איר זאָלט נישט רוען ביז עס וועט פאַרעפנטלעכט ווערן יעדער פּינטעלע פון שטיינבאַרגס פען־ירושה. עס טאָר נישט געמינערט ווערן קיין איין אות. אַלץ, ביזן לעצטן: די מעשׂהלעך זײַנע, די קינדערישע לידעלעך, און אַפילו זײַנע איבער־זעצונגען מוזן אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט. עס טאָר גאָרנישט פאַר־לוירן גיין"[3].

---

1. די דאָזיקע ייִדיש־ביבליאָגראַפיע איז גענומען פון אַ כוללדיקער שטיינבאַרג־ביבליאָגראַפיע מיט העברעיִשע, רומענישע און דײַטשע אָפּטיילונגען, וועלכע איז אַ חלק פון אַ דאָקטאָראַט־אַרבעט: „די מקורים און די אָריגינאַליטעט פון אליעזר שטיינבאַרגס משל", וואָס כ'גרייט צו אין דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים, אונטער דער הדרכה פון פּראָפ' דב סדן.

די ביבליאָגראַפיע ווערט דאָ פאַרעפנטלעכט מיט דער הסכמה פון פּראָפ' דב סדן און מיט דער דערלויבעניש פון דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

אַ סך זשורנאַלן און צײַטשריפטן, ווו אליעזר שטיינבאַרג האָט זיך געדרוקט, זענען שוין נישט בנמצא. אָט דער דאָזיקער ערשטער ביבליאָגראַפישער פּרווו פון שטיינבאַרגס שאַפונג און פון דעם, וואָס ס'איז געשריבן געוואָרן איבער אים, איז דערפאַר ווײַט פון שלימות.

2. „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ' 30, 1933 ז' 478.

3. דאָרט, ז' 478.

עד היום הזה, זעקס און דרײַסיק יאָר נאָך דער פּטירה פון אליעזר שטיינ־באַרג, זענען דערשינען פון אָט־די „נײַן בענד שריפטן" בלויז אַ באַנד „מײַסעלעך", טשערנאָוויץ 1936, די קינדער־פּיעסע „די גליקלעכע", „די גאָלדענע קייט", ת"א, נומ' 5, 1950, אַ צווייטער באַנד „משלים" ת"א 1956, געציילטע איבערדיכטונגען פון ביאַליקס לידער ותו לא.

יעקב שטערנבערג האָט, אין זײַן נאָכוואָרט, וואָס איז אָנגעשריבן מיט יראת־הכבוד און ליבשאַפט צו שטיינבאַרגן, אויסגערעכנט בלויז אין ברייטע שטריכן, נישט פּרעציזירנדיק בפּרוטרוט דעם תוכן פון אָט די „נײַן בענד שריפטן". קיין אַנדערע מקורים זענען נישט געווען בנמצא במשך די אַלע יאָרן. צוליב פאַרשידענע טעמים, האָט די אַלמנה פונעם מחבר, רבקה שטיינבאַרג ע"ה, נישט באַוויזן מסדר צו זײַן און אויפצוצייכענען דעם ליטעראַרישן עזבון, וואָס זי האָט מיט אַ סך מסירת־נפש געראַטעוועט און אָפּגעהיט; קריק מיט עטלעכע טעג האָב איך ערשט באַקומען די מעגלעכקייט איבערצוקוקן דעם עזבון און צו פאַרצייכענען וואָס ס'איז דאָרט בנמצא[4].

ד"ר שלמה ביקל האָט מיר דערציילט, בעת אַ שמועס, וועגן שטיינבאַרגס געפילן צו ביאַליקן און וועגן זײַנע איבערזעצונגען פון אים: „שטיינבאַרג האָט ממש פאַרגעטערט ביאַליקן. ער האָט גאַנץ ביאַליק איבערגעזעצט אויף ייִדיש. עטלעכע איבערזעצונגען זענען געווען געדרוקט אין דעם זאַמלבוך, וואָס די קולטור־פעדעראַציע אין טשערנאָוויץ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1921"[5].

אליעזר שטיינבאַרג גופא, גיט עטלעכע פּרטים, אין זײַנעם אַ בריוו צו ח.נ. ביאַליק, געשריבן פון טשערנאָוויץ, דעם 21טן יוני 1923, וועגן זײַנע איבער־זעצונגען: „אַ סך פון אײַערע שירים האָב איך שוין איבערגעזעצט: „שירי חורף", „שירי קיץ", „שירי עם", „גמדי ליל", „זהר" און נאָך"[6].

אין דער ביבליאָגראַפיע ווערט געבראַכט הן פון די פאַרעפנטלעכטע איבער־זעצונגען, הן וואָס כ'האָב געטראָפן אין עזבון, סך־הכל נײַן איבערגעזעצטע לידער, צווישן וועלכע ס'זענען נישט בנמצא, נישט „שירי קיץ", נישט „גמדי ליל" והוא הדין בנוגע דער, אין איכות און אין כמות, גרויסער פּאָעמע „זהר".

אליעזר שטיינבאַרג האָט, אין די יאָרן 1920—1925, געדרוקט פעליעטאָנען, אויף לאָקאַלע טעמעס, אין דער פּועלי־ציוניסטישער צײַטונג „די פרײַהייט",

4. היות כ'האָב געהאַט אַ צוגאַנג צום עזבון ווען די ביבליאָגראַפיע איז שוין געווען, בפועל ממש, אונטערן דרוק, ווערן דאָ געבראַכט די נעמען פון די פאַרשידענע שאַפונגען און די אונטערקעפּלעך אַזוי ווי כ'האָב זיי געטראָפן אָנגעשריבן פונעם מחבר גופא. דאָרט ווו אַזאַ אונטערקעפּל איז נישט פאַראַן, ווערט געבראַכט נאָך דער נאָמען פון דער זאַך, די אונטערקעפּלעך ווערן געבראַכט אין קלאַמערן.

5. אליעזר פרענקעל: „אַ רעקאָרדירטער שמועס מיט ד"ר שלמה ביקל אין תל־אביב", „די גאָלדענע קייט", ת"א, נומ' 54, 1966, ז' 90.

6. אַרכיוו „בית ביאַליק", תל־אביב.

טשערנאָוויץ, אונטערן פסעוודאָנים „בן־אדם״; שטיינבאַרג שיקט ביאַליקן די צײַטונג מיטן פעליעטאָן און שרײַבט אים, אין דעם פריִער דערמאַנטן בריוו: „דער זינדיקער „בן־אדם״, וואָס איז אונטער אים געחתמעט, דאָס בין איך״.

כמעט פיר צענדליק יאָר נאָך דער פטירה פון אליעזר שטיינבאַרג, געפינט זיך נאָך דער גרעסטער טייל, בכל אופן אין כמות, פון זײַן יצירה אין כתב־ידן, אַ „טעראַ אינקאָגניטאַ״ אויף דער מאַפּע פון דער יידישער ליטעראַטור; ס׳איז פאַראַן אַ שטיינבאַרג שבנגלה און אַ שטיינבאַרג שבנסתר און דאָס איז מוסיף זײַן אויסטערלישער יצירה די רעזאָנאַנץ פון אַ מין נישט פאַרענדיקטער סימפאָניע.

אשקלון, כסלו תשכ״ט

**א. פ.**

## אליעזר שטיינבאַרגס געדרוקטע ביכער אין יידיש

1. אלף־בית
(אילוסטרירט פון אַרטור קאַלניק, רר־בין זייליקאָוויטש, סאַלאָמאָן לערנער) טשערנאָוויץ, 1921, ז״ז 148

2 ווי אַזוי די פייגעלעך האָבן גע־לערנט חומש
טשערנאָוויץ, 1923, ז״ז 16

3. דורך די ברילן
(צוועלף משלים מיט צוועלף האָלצ־שניטן פון אַרטור קאַלניק, גמרא־פאָרמאַט, די זײַטלעך זענען נישט נומערירט), טשערנאָוויץ, 1928

4. מעשאָלים I
(מיט 14 האָלצשניטן פון אַרטור קאַלניק און אַ צייכענונג פון געאָרג לעווענדאַל און מיט אַ נאָכוואָרט פון יעקב שטערנבערג), טשערנאָוויץ, 1932, ז״ז 320

5. מײַסעלעך
(מיט 109 צייכענונגען פון אַרטור קאַלניק), טשערנאָוויץ, 1936, ז״ז 304

6. משלים II
(מיט אַ פירוואָרט פון ד״ר שלמה ביקל און אַ פירוואָרט און באַגלייט־וואָרט פון דניאל לייבל), ת״א, 1956, ז״ז 210

### ס׳זענען דערשינען נײַע אויפלאַגעס פון:

7. מעשאָלים I
בוקאַרעשט, 1935, ז״ז 294

8. ווי אַזוי די פייגעלעך האָבן גע־לערנט חומש
(מיט אַ פירוואָרט פון אליעזר פּרענ־קעל), יאַס, 1948, ז״ז 16

9. משלים I
מיט אַ פירוואָרט פון יעקב באָטאָ־שאַנסקי), בוענאָס־איירעס, 1949, ז״ז 303

10. מעשאָלים
(אַן אויסקלײַב פון דעם ערשטן באַנד), בוקאַרעשט, 1956, ז״ז 258

11. מײַסעלעך
(מיט 109 צייכענונגען פון אַרטור קאַלניק און אַ נאָכוואָרט פון מאיר ריספּלער), בוקאַרעשט, 1958, ז״ז288

### פון אליעזר שטיינבאַרגס יצירה אין פאַרשידענע ליטעראַרישע־אכסניות, וואָס איז נישט אײַנגעזאַמלט אין קיין ספר

12. די בבא־מעשה
„די פרײַהייט״, טשערנאָוויץ, 19טן פעברואַר 1920

13. יוסף מוקיר שבת
(1־טער, 2־טער, 3־טער, 4־טער, 5־טער כאָר־ליד אויס דער קינדער־דראַמע), דאָרט, 30.9.1920

14. ש. אַנ־סקי
דאָרט, 10.3.1921

15. ד״ר מאיר ראָזנער
(נעקראָלאָג), „קולטור״, טשערנאָוויץ, 1921, ז״ז 90—91

16. אונדזער געשיכטע
(צום 60 יעריקן יובילעאום פון שמעון דובנאָוו), „די פרײַהייט״, טשערנאָוויץ, 25.11.1923

17. משיח איז געקומען
(צום אויפפירונג פונעם „מבול״ פון

בערגער, פרעמיִערע ביַי די ווילנער),
דאָרט, 15.4.1924

18. האָץ, האָץ, האָץ
„גרינינקעביימעלעך", ווילנע, נומ׳ 19—20, 1929 [7]

19. מיכל, מיכל! ווּהין לויפסטו?
דאָרט, נומ׳ 1, 1929

20. משהלע־קוישעלע
דאָרט, נומ׳ 4—5, 1929

21. דאָס ייִנגעלע און דאָס הינטעלע
דאָרט, נומ׳ 4—5, 1929

22. אַ בריוו צו די ביימעלעך
דאָרט, נומ׳ 4—5, 1929

23. כ׳האָב אַ חבר חייטשל
„אונדזער צײַט", קעשענעוו, 14.3.29

24. אַ ציג מיט אַ בער
„גרינינקע ביימעלעך", ווילנע, נומ׳ 20, 1930

25. ר׳ מייער און ה׳ קאַרטאָפל
דאָרט, נומ׳ 20, 1930

26. די שנעקעלעך
דאָרט, נומ׳ 20, 1930

27. די מיל
(אויסצוג פון 3טן אַקט „ווײַסער האָן"), „דער חבר", ווילנע, נומ׳ 9, 1930

28. דער פוקס, דער האָן און דער הונט
„גרינינקע ביימעלעך", ווילנע, נומ׳ 1, 1931

29. אַ פלוידער־מעשׂה
דאָרט, נומ׳ 2, 1931

30. ר׳ חנינא בן דוסא
(פֿאַנטאַסטישע קינדער־שפּיל אין 2 אַקטן), דאָרט, נומ׳ 7—8, 1931

31. וואָלט איך געווען
דאָרט, נומ׳ 13, 1931

32. מײַן שוועסטערל
דאָרט, נומ׳ 13, 1931

33. די ראַבע קו
דאָרט, נומ׳ 13, 1931

34. אַ בריוו וועגן דער פּאַרמאַכטער פּרוג־שול אין ווילנע
דאָרט, נומ׳ 16, 1931

35. ל״ג בעומר
דאָרט, נומ׳ 16, 1931

36. דער מאָלער
דאָרט, נומ׳ 17—18, 1931

37. אַ באַגריסונג צום 6טן יאָרגאַנג „ביימעלעך"
דאָרט, נומ׳ 1, 1932

38. די קלעזמער
דאָרט, נומ׳ 3, 1932

39. סאַנדי
דאָרט, נומ׳ 3, 1932

40. די גליקלעכע
(קינדער־פּיעסע אין דרײַ אַקטן), „די גאָלדענע קייט", ת״א, נומ׳ 5, 1950, ז״ז 60—84

41. פון יחזקאל (נאָך טשערניכאָווסקי)
„די פרײַהייט", טשערנאָוויץ, 19.8.20

---

7. אין די „גרינינקע ביימעלעך" נומ׳ 4, 1932, ווערט געבראַכט אַ ביבליאָגראַפישע רשימה: „אליעזר שטיינבאַרג אין די „גרינינקע ביימעלעך" און „חבר", ווו ס׳איז אָנגעגעבן דער נאָמען פון דער געדרוקטער זאַך, דער נומער פון דער שריפט און די דאַטע, אָבער אָן די זײַטלעך.

## א. שטיינבאַרגס געדרוקטע איבערזעצונגען פון ח. נ. ביאַליק

42. פאָלקסליד
„יידישער אַלמאַנאַך פאַר גרויס־רו־מעניע", טשערנאָוויץ, 1923, ז' 1, געבראַכט אויך אין „קהילת ליפקני" ת"א, 1963, ז' 207

43. די בשורה
„די פרײַהייט", טשערנאָוויץ, 28.4.23

44. קאַיאַר
„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 11—12, 1934, ז' 4

45. פאַרנאַכט
„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ' 13, 1934, ז' 196

46. פון בר־כוכבאס געזאַנגען
„די גאָלדענע קייט", ת"א, נומ' 2, 1949, ז"ז 82—83

47. די טרער
דאָרט, נומ' 2, 1949, ז' 83

48. נעם מיך אונטער דײַנע פליגל
קהילת ליפקני (ספר זכרון), ת"א, 1963, ז' 207

49. ניט אין שטאָט און ניט אין שטעטל
דאָרט, ז' 207

## כתב־ידן פונעם ליטעראַרישן עזבון[8]

50. אברהם אבינו
(אַ דראַמאַטיזירטע לעגענדע אין פיר אַקטן)

51. די כישופמאַכערין
(אַ קינדער־פיעסע אין דרײַ אַקטן)

52. מאָטל פייסי דעם חזנס
(אַ פיעסע)

53. דער בערדיטשעווער רב
(פיר אַקטן)

54. פורים־שפּיל
(אַ קינדער־פיעסע)

55. דער ווײַסער האָן
(אַ קינדער־פיעסע)

56. ר' שלמה
(לויט פרצעס „די גאָלדענע קייט", „בײַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און אַנדערע קוועלן)

57. כעלעם
(אַ פיעסע אין דרײַ אַקטן)

58. נײַ־כתרילעווקע
(אַ פיעסע)

59. אברהמלע מלמד
(אַ פיעסע)

60. יוסף מוקיר שבת
(אַ דראַמאַטיזירטע לעגענדע אין פיר אַקטן)

61. מזל־טוב
(אַ פיעסע)

62. פאַרצייכענונגען וועגן טעאַטער

63. שולמית

64. אַ פורים־געשיכטע

65. ח. נ. ביאַליק: ווינטער לידער

66. דאָס פינגערל

67. ווי אַזוי יעקב אבינו האָט געבויט סוכות אין שכם

---

8. אליעזר שטיינבאַרג האָט געשריבן אויך העברעיש, אין עזבון זענען פאַראַן אויך העברעיִשע כתב־ידן; זיי קערן נישט צו אָט־דער יידיש־ביבליאָגראַפיע און ווערן געבראַכט אין דער כוללדיקער ביבליאָגראַפיע.

## לידער וועגן אליעזר שטיינבאַרג


**כאַראַץ, מאיר**

68. וואָס וועט זײַן מיט יענעם האַלבן משל? — **„ידישע קולטור", נ"י, נומ' 5, 1962, ז' 44**

**מאַנגער, איציק**

69 דער שנײַדער־געזעלן נטע מאַנגער זינגט וועגן דעם משלים־שרײַבער אליעזר שטיינבאַרג — **„ליד און באַלאַדע", נ"י, 1952, ז"ז 475—477**

**סאַקציער, מאָטל**

70. דיך דערמאָנט מען — **„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ. 11—12, 1934, ז' 2**

**רויטמאַן, אפרים**

71. אליעזר שטיינבאַרג — **„ידישע קול־טור", נ"י, נומ' 5, 1962, ז' 44**

**רינצלער, אברהם**

72. אליעזר שטיינבאַרג — **„נײַוועלט", ת"א, 1950, ז' 24**

**שטערנבערג, יעקב**

73. אליעזר שטיינבאַרג — **„שטאָט אין פראָפיל", בוקאַרעשט, 1935, ז"ז 149—154**


## אַרטיקלען וועגן אליעזר שטיינבאַרג אין ידישע ביכער


**באָטאָשאַנסקי, יעקב**

74. אליעזר שטיינבאַרג — **„פּאָרטרעטן פון ידישע שרײַבער", וואַרשע, 1933, ז"ז 121—130**

75. די ידישע ליטעראַטור אין בעסאַ־ראַביע און אליעזר שטיינבאַרג — **„מאַמע ידיש", בוענאָס־איירעס, 1949, ז"ז 118—134**

**ביק, אברהם**

76. דער מדרש פון משל — **„אידייע און געשטאַלט", נ"י, 1963, ז"ז 94—102**

**ביקל, ד"ר שלמה**

77. אליעזר שטיינבאַרג (נעקראָלאָג) — **„אין זיך און אַרום זיך", בוקאַ־רעשט, 1936, ז"ז 27—29**

78. פּראָ אליעזר שטיינבאַרג — **דאָרט, ז"ז 30—40**

79. וועגן משל — **דאָרט, ז"ז 41—43**

80. אליעזר שטיינבאַרג — **„דעטאַלן און סך־הכּלען", נ"י, 1943, ז"ז 213־216**

81. אליעזר שטיינבאַרג — **„שרײַבער פון מײַן דור", נ"י, 1958, ז"ז 45־52**

82. אליעזר שטיינבאַרג אין טשערנאָ־וויץ — **„רומעניע" ב"א 1961, ז"ז 205—222**

83. אליעזר שטיינבאַרגס משלים — **דאָרט, ז"ז 223—234**

84. די „חכמי טשערנאָוויץ" — **דאָרט, ז"ז 335—354**

85. ביאַליק און שטיינבאַרג — **„שרײַבער פון מײַן דור" (צווייטער באַנד), ת"א, 1966, ז"ז 452—455**

**בעלקיס, שלמה**

86. דער גרויסער ידישער משלים־שרײַבער — **„פּאָרטרעטן און פּראָ־בלעמען", וואַרשע, 1964, ז"ז 36—41**

**גראָס־צימערמאַן, מ.**

87. אליעזר שטיינבאַרג — **„אינטימער ווידעראַנאַד", תל־אביב, 1964, ז"ז 270—273**

**ראַפּאָפּאָרט, י.**

88. דער פֿאָלקסטימלעכער דיכטער (אליעזר שטיינבאַרגס משלים) — **„צווישן יאָ! און ניין!", וואַרשע, 1937, ז"ז 83—93**

**שוסטער, אהרן**

89. אליעזר שטיינבאַרג — **„ליפּקאַן פון אַמאָל", מאָנטרעאָל, 1957, ז"ז 20־23**

## יִדישע ביכער, ווו אליעזר שטיינבאַרג ווערט דערמאַנט

**ביקל, ד״ר שלמה**

.90 „עסייען פון יִדישן טרויער״ — **נ״י, 1948, ז״ז 147, 153, 178, 198, 199, 215, 224**

**ניגער, ש.**

.91 מענדעלע מוכר ספרים — **שיקאַגאָ, 1936, ז׳ 260**

**סדן, דב**

.92 די חכמה פון חכמות — **תל־אביב, 1967, ז״ז 39, 117, 126, 152, 170, 185**

**ראַבאַי, א.**

.93 מײַן לעבן — **נ״י, 1947 (באַנד 1), ז״ז 260—261**

## אַרטיקלען וועגן אליעזר שטיינבאַרג אין יִדישע זשורנאַלן, צײַטונגען און זאַמלביכער

**אוישער, משה**

94 מײַן לערער אליעזר שטיינבאַרג און זײַן שפּיל פון ר׳ יצחק פון באַרדי־טשעוו — **„יִדישע קולטור״, נ״י, נומ׳ 6—7, 1944, ז״ז 52—55**

**אַלטמאַן, בתיה**

.95 מײַן לערער אליעזר שטיינבאַרג — **„קהילת ליפּקני״ ת״א, 1963, ז׳ 99**

**אַלטמאַן, משה**

.96 אויפן וועג צו אליעזר שטיינבאַרג, **„ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, נומ׳ 21, 1932, ז״ז 326—328 ; גע־בראַכט אויך אין „יִדישע קולטור״, נ״י, נומ׳ 3, 1957, ז״ז 39—42**

.97 וועגן אליעזר שטיינבאַרג — **„יִדישע שריפטן״, וואַרשע, נומ׳ 2, 1958, ז׳ 1**

**באַטאַשאַנסקי, יעקב**

.98 דער גרויסער יִדישער משל — **„בראַזיליאַנער יִדישע פּרעסע״, ריאָ דע זשאַניירא, 10.4.1928**

.99 דער צוואַנציקסטער יאָרצײַט פון אליעזר שטיינבאַרג — **„די פּרעסע״, בוענאָס איירעס, 1.3.1952**

.100 ליפּקאַן פון אַמאָל — **„די פּרעסע״, בוענאָס איירעס, 10.1.1958**

**בורג, יוסף**

.101 מײַן לערער — **„די וואָך״, בוקאַ־רעשט, נומ׳ 44—46, 1935, ז׳ 4**

**ביאַליק, ח. נ.**

.102 אַ בריוו צו דעם שטיינבאַרג־קאָמי־טעט — **„ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, נומ׳ 30, 1933, ז׳ 478**

**ביקל, ד״ר אליעזר**

.103 וועגן אליעזר שטיינבאַרגס וועלט־באַנעם — **„די וואָך״, בוקאַרעשט, נומ׳ 11—12, ז׳ 3 ; געבראַכט אויך אין „די צוקונפט״, נ״י, נומ׳ 3, 1967, ז״ז 107—113**

.104 דער משל וועגן פליפּיש — **„די וואָך״, בוקאַרעשט, נומ׳ 46—47, 1935, ז׳ 2**

**ביקל, ד״ר שלמה**

.105 די יִדישע פאַבל, „באַזונדערס אין רומעניע״, **„ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, נומ׳ 44, 1929, ז״ז 936־937**

.106 די ווונדערבאַרע פאַבל פון זײַן לעבן — **„ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע, נומ׳ 21, 1932, ז״ז 929־930**

.107 דער כישוף פון זײַן פערזענלעכ־קייט — **„דער טאָג״, נ״י, 18.4.1942**

.108 בריוו פון אליעזר שטיינבאַרג — **„אידישער קעמפער״, נ״י, רה״ש תשט״ז, ז״ז 80—83 המשך — דאָרט, 23.9.1955, ז״ז 6—8**

.109 אליעזר שטיינבאַרגס משלים — **„טאָג־מ.־זשורנאַל״, נ״י, 30.9.1956**

.110 אַכציק ער — און זיבעציק זיי — **„די צוקונפט״, נ״י, נומ׳ 9, 1960, ז״ז 330—335**

.111 יזכור נאָך אַ שטעטל — „טאָג־מ.־זשורנאַל", נ"י, 5.5.1963

.112 אַ יידישער פּאַרלעגער — „טאָג־מ.־זשורנאַל", נ"י, 8.10.1966

.113 בריוו דערציילן — „טאָג־מ.־זשורנאַל", נ"י, 24.6.1968

**בענאַדאָר, אורי**

.114 שטיינבאַרג — אונדזער היים — „די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 11—12, 1934, ז' 4

**בערנפעלד, ד"ר יוסף**

.115 זכרונות וועגן אליעזר שטיינבאַרג — „אונדזער שטימע", פּאַריז, 31.3.1962

.116 אליעזר שטיינבאַרג — דער לערער, „סידנעיער יידיש אינדזל", יוני 1967, ז"ז 35—37

.117 אליעזר שטיינבאַרגס צווייטע היים: טשערנאָוויץ — „אויפן שוועל", מעקסיקע—נ"י, נומ' 3, 1967, ז"ז 9—11

**גאָטליב, י. נ.**

.118 דער סאָציאַלער מאָטיוו ביי אליעזר שטיינבאַרג — „די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 13, 1934, ז' 7

**גאָלאָמב, א(ברהם)**

.119 יידישע פּסיכאָלאָגיע — „טאָג־מ.־זשורנאַל", נ"י, 17.8.1968

**גינינגער, חיים**

.120 אין די ד' אַמות פונעם מײַסטער — „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ' 21, 1932, ז' 332

.121 די אויפדעקונג פון אליעזר שטיינבאַרגס מצבה אויפן טשערנאָוויצער יידישן בית עולם — „אויפגאַנג", סיגעט, נומ' 7, 1933, ז"ז 1—3

.122 צו די מקורות פון אליעזר שטיינבאַרגס שאַפן — „שויבן", בוקאַרעשט, נומ' 2, 1936, ז"ז 23—31

**דעליגדיש, היינריך**

.123 פּאַרוואָס אַזאַ שטראָף? — „טשערנאָוויצער בלעטער", טשערנאָוויץ, 11.4.1932

**דרוקער, לייב**

.124 אונדזער לאַפּאַנטען — דאָרט, 11.4.1932

**האַקען, ווערא**

.125 קינדעריאָרן, יוגנט־יאָרן מיט אליעזר שטיינבאַרג — „אויפן שוועל", מעקסיקע—נ"י, מערץ—אַפּריל 1967, ז"ז 11—13; המשך — דאָרט, נאָוו.־דעצ. 1967, ז"ז 8—10; המשך — דאָרט, יאַנואַר—פעברואַר 1968, ז"ז 8—10; המשך — דאָרט, יולי—אויג. 1968, ז"ז 12—14

**וואַרשאַווסקי, יצחק**

.126 די פֿאַבל, די עלטסטע פאָרם פון ליטעראַטור — „פאָרווערטס", נ"י, 21.1.1968

**זילבערמאַן, משה־סילון**

.127 געווען אַ חלום — „קהילת ליפקני", ת"א, 1962, ז"ז 40—57

**טאָקער, י. ש.**

.128 משל און מעשה ביי אליעזר שטיינבאַרג — „שויבן", בוקאַרעשט, נומ' 7, 1935, ז"ז 3—6

**טשערנאָוויצער**

זע: בערנפעלד, ד"ר יוסף

**יאַנאַסאָוויטש, יצחק**

.129 אַ וואָרט און אַ מעשה פון אליעזר שטיינבאַרג ז"ל — „די פּרעסע", בוענאָס איירעס, 26.6.1954

**יאָסיף, ד"ר ב.**

.130 דער מכשף — „די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 11—12, 1934, ז' 4

**יאַסני, א. וואָלף**

131 אליעזר שטיינבאַרג — צו זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט — „לעצטע נייעס", ת"א, 4.4.1952

**יאַקיר, יאַנקל**

.132 מיר האָבן אים נישט געקענט — „טשערנאָוויצער בלעטער", טשערנאָוויץ, 11.4.1932

133. אַרום שטיינבאַרגן — „די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 46—47, 1935, ז' 3

**לייוויק, ה.**

134. פּאַבל־דיכטער — „**דער טאָג**", נ"י, 18.4.1932

**ליס, א(ברהם)**

135. דער וואַנדערלעכער פּאַבוליסט (**צום דערשיינען פון „משלי אליעזר שטיינבאַרג", איבערגעזעצט פון חנניה רײַכמאַן**) — „**אונדזער היינט**", תל־אביב, 5.3.1954

**לעקער, חיים**

136. די יונגע יידישע ליטעראַטור אין גרויס רומעניע: אליעזר שטיינ־באַרג — „**די פרײַהייט**", טשערנאָוויץ, פּסח־בײַלאַגע, 1919

**מאַיאַנסקי, א.**

137. א. שטיינבאַרג — דער מענטש — „**אַרבעטער־צײַטונג**", טשערנאָוויץ, נומ' 305

**מאַן, מענדל**

138. אליעזר שטיינבאַרג דער גרויסער משלים־שרײַבער — „**אונדזער שטימע**", פּאַריז, 14.4.1962; **געבראַכט אויך אין „אונדזער וואָרט", פּאַריז**, 5.10.1966

**מאַנגער, איציק**

139. די יידישע דיכטונג אין רומעניע — „**ליטעראַרישע בלעטער**", וואַרשע, נומ' 3, 1929, ז' 53

140. מײַן באַליבסטער שרײַבער — **דאָרט**, נומ' 17, 1930, ז' 303

**ניגער, ש.**

141. אליעזר שטיינבאַרג און זײַנע משלים — „**די צוקונפט**", נ"י, נומ' 5, 1933, ז"ז 300—306

142. אליעזר שטיינבאַרג — צו זײַן 10טן יאָרצײַט — „**דער טאָג**", ניו־יאָרק, 18.4.1942

**סאַקציער, מאָטל**

143. משה אַלטמאַן — „**סאָוועטיש היימלאַנד**", מאָסקווע, נומ' 8, 1965, ז"ז 133—138

**סדן, דב**

144. זכרונות פון אַ בעל־מתרגם (א. שטיינבאַרגס משלים) — **פאַ"ש**, נ"י, 23.5.1952

**סופר, א. ש.**

145. דער אלף־בית פון אליעזר שטיינ־באַרג — „קולטור", **טשערנאָוויץ**, 1921, ז"ז 81—84

146. יוסף מוקיר שבת (**אַ דראַמאַטישע לעגענדע אין 4 אַקטן פון א. שטיינ־באַרג, אויפגעפירט פונעם „יידישן שול־פאַראיין אין שטאָט־טעאַטער"** — „**די פרײַהייט**", **טשערנאָוויץ**, נומ' 454, 1923

147. אַן אבידה אַן אַ טרייסט — „**טשערנאָוויצער בלעטער**", **טשערנאָוויץ**, 11.4.1932

**סורקיס, משולם**

148. מיט אליעזר שטיינבאַרג, יעקב שטערנבערג און משה אַלטמאַן — „**יידישע קולטור**", נ"י, נומ' 8, 1965, ז"ז 42—45

149. פון אליעזר שטיינבאַרגס שיחת־חולין — **דאָרט**, נומ' 4, 1966, ז"ז 51—54

**סיגאַל, י. י.**

150. אליעזר שטיינבאַרגס משלים — „**קענעדער אָדלער**", **מאָנטרעאָל**, 2.1.1950

151. צום הײַנטיקן גראַסבאַרד־שטיינבאַרג אָוונט — **דאָרט**, 20.4.1952

152. אליעזר שטיינבאַרג (**צום צוואַנ־ציקסטן יאָרצײַט**) — **דאָרט**, 21.4.1952

**סעגאַל, הערש**

153. וועגן עטלעכע אַנאַמאַטאָפּעיעס אין אליעזר שטיינבאַרגס משלים — „**אויפגאַנג**", **סיגעט**, נומ' 7, 1933, ז"ז 4—5

154. וועגן אליעזר שטיינבאַרגס משלים (**צוויי פילאָזאָפישע פּראָבלעמען**) — „**טשערנאָוויצער בלעטער**", **טשערנאָוויץ**, 20.3.1934

**עליאַשעוו, אסתר**

155. הערץ גראָסבאַרטס הזכרה לכבוד דעם משלם־דיכטער אליעזר שטיינ־באַרג — **„פאָלקסבלאַט", קאָוונע, 20.4.1932**

**פּאַנער, יצחק**

156. דער נמשל — **„טשערנאָוויצער בלעטער", טשערנאָוויץ, 11.4.1932**

157. אונדזער גרעסטער בעל־ממשל — **„די גאָלדענע קייט", ת״א, נומ׳ 12, 1954, ז״ז 163—166**

**פוגאַטש, י.**

158. אַ דרײַפאַכיקער גענוס — **„אונדזער שטימע", פּאַריז, 16.4.1962**

**פּרילוצקי, נח**

159. נאָך די טשערנאָוויצער פײַערונגען, **„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ׳ 41, 1928, ז״ז 797—798**

**פּיכמאַן, יעקב**

160. וועגן אליעזר שטיינבאַרגס משלים, **„די גאָלדענע קייט", ת״א, נומ׳ 2, 1949, ז״ז 77—79**

**פּרענקעל, אליעזר**

161. אַ רעקאָרדירטער שמועס מיט ד״ר שלמה ביקל אין תל־אביב — **„די גאָלדענע קייט", ת״א, נומ׳ 54, 1966, ז״ז 79—96**

**צפּור, ד״ר י. ב.**

162. די יונג־ייִדישע פּאַבוליסטן אין פּוילן — **„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ׳ 39, 1929, ז״ז 767־768**

**קאַלניק, אַרטור**

163. דער ייִדישער שול־פאַראיין אין טשערנאָוויץ — **„שלמה ביקל יובל־בוך", נ״י, 1967, ז״ז 222—231**

**קאַציזנע, אַלטער**

164. וועגן דער טשערנאָוויצער אויסגאַ־בע „דורך די ברילן" — **„ליטעראַ־רישע בלעטער", וואַרשע, נומ׳ 47, 1928, ז״ז 919—921**

**קאַראַ, י. זע: שוואַרץ, איציק ראַוויטש, מלך**

165. חיים נחמן ביאַליק (**דער ייִדי־שער**) — **„ליטעראַרישער זשורנאַל", מעלבורן, נומ׳ 3, 1938, ז״ז 57—60**

166. וועגן הערץ גראָסבאַרדס וואָרט — קאָנצערט פון אליעזר שטיינבאַרגס משלים — **„קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, 23.4.1952 ; געבראַכט פאַרקירצט אויך אין „פּאַריזער שטי־מע", פּאַריז, 16.4.1962**

**ראָזענהעק, י.**

167. אליעזר שטיינבאַרג — דער משׁ־לים־מײַסטער — **„ייִדישע קולטור", ניו־יאָרק, נומ׳ 5, 1962, ז׳ 43**

**רובין, ד״ר ישראל**

168. פון ייִדישן קולטורעלן רומעניע — **„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ׳ 2, 1927, ז׳ 39**

169. „ל״וניקעס" — **דאָרט, נומ׳ 52, 1928, ז״ז 1018—1019**

170. אליעזר שטיינבאַרגס משלים — **דאָרט, נומ׳ 8, 1933, ז״ז 117—118;** המשך — **דאָרט, נומ׳ 9, 1933, ז׳ 141**

171. צום צווייטן יאָרצײַט — **„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ׳ 11־12, 1934, ז׳ 39**

**רויטמאַן, נטע**

172. אליעזר שטיינבאַרג — **„בוקאַרעש־טער זאַמלביכער", בוקאַרעשט, נומ׳ 1, 1947, ז״ז 111—113**

173. אליעזר שטיינבאַרג — בריוו, זכ־רונות און שיחת חולין — **„קהילת ליפּקני", ת״א, 1963, ז״ז 209—211**

**רויטמאַן, ש.**

174. דער קוש — **„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ׳ 11—12, 1934, ז׳ 5**

**רייזען, זלמן**

175. די אַנטדעקונג פון יונג־רומעניע — **„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ׳ 41, 1928, ז״ז 799—800**

176. אליעזר שטיינבאַרג — **„לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור",**

**פרעסע און פילאָלאָגיע", פערטער באַנד, ווילנע, 1929, ז"ז 588—593**

## שאַראַגאַ, לאַסקער

177. אליעזר שטיינבאַרג — **„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 46—47, 1935, ז' 2**

## שאַרגעל, צ. א.

178. דרײַסיקסטער יאָרצײַט פון אליעזר שטיינבאַרג — **„ישראל שטימע", תל־אביב, כ"ט אדר ב' תשכ"ב**

## שוואַרץ, איציק

179. זײַן טעמאַטיק — **„טשערנאָוויצער בלעטער", טשערנאָוויץ, 20.3.1934**

180. די יידישע דיכטונג אין רומעניע — **„ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, נומ' 1, 1935, ז"ז 4—5**

181. אליעזר שטיינבאַרג (1880—1932) — **„יידישע קולטור", ניו־יאָרק, נומ' 3, 1964, ז"ז 53—54**

## שולמאַן, ד"ר אליהו

182. יידישע ליטעראַטור אין רומעניע — **„ייוואָ־בלעטער", נ"י, באַנד 43, 1966, ז"ז 309—317**

## שוסטער, אהרן

183. צו משה אוישערס אַרטיקל וועגן א. שטיינבאַרג — **„יידישע קולטור", ניו־יאָרק, נומ' 8—9, 1944, ז' 91**

184. צום צוואַנציקסטן יאָרצײַט פון אליעזר שטיינבאַרג — **„קענעדער אָדלער", מאָנטרעאָל, 21.4.1952**

## שטיינבערג, קלאַראַ

185. זכרונות פון שטעטל — **„קהילת ליפקני", ת"א, 1963, ז"ז 99—101**

## שטערנבערג, יעקב

186. אין טאָג פון דערמאָנונג — **„די וואָך", בוקאַרעשט, נומ' 11—12, 1934, ז' 1**

187. אליעזר שטיינבאַרג — **„סאָוועטיש היימלאַנד", מאָסקווע, נומ' 2, 1962, ז"ז 118—120**

188. צו דער טעמע: איציק מאַנגער — **דאָרט, נומ' 6, 1967, ז"ז 132—137**

## שמולעוויטש, י.

189. אַ גרויסער מאָנומענט פאַר אַ קליין יידיש שטעטל — **„קענעדער אָד־לער", מאָנטרעאָל, 21.4.1952**

## שעכטער, ד"ר מרדכי

190. שירים פון אליעזר שטיינבאַרגס טיש: 1) דימינוטיוון — **„אויפן שוועל", מעקסיקע—נ"י, נומ' 2, 1967, ז' 13**; המשך — **דאָרט, נומ' 3, 1967, ז' 15**

# א י נ ה אַ ל ט

## רויך און כמאַרע

זייט



## באַלעבאַטים

פאַר די אויגן מיר אָט שטייט ער...
ניט באַלבאַטיש

## אותיות



## קלינגט דער זייגער דרײַ



* דעם מחברס ערשטער משל, אָפּגעדרוקט אין נומער 39 „אייראָפּע־אישע ליטעראַטור — אַ וואָכענשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק. דער ליטעראַרישער טהייל געפיהרט דורך אברהם רייזן". וואַרשע 1909.

## דער רעגנבויגן



*